דעם אָנדענק פון מיין
כעלעמער משפחה, וואָס
איז אומגעבראַכט געוואָרן
דורך די דייטשישע רוצחים.

**דער מחבר**

# דער טייך

דער טייך הייבט אָן זיין וואַסערלויף פונעם „סקרענט״. דאָס איז אַזאַ נאַטירלעכער קוואַל, וואָס ווערט געבוירן פון די ערדישע תהומות, פון די סאַמע טיפע ערדישע אינגעווייידן. ער קומט מיט אַ מעכטיקן ירגזון, מיט הויכע קרעכצן שרייט ער אַרויף צו די הימלען. די הימלען זענען אָבער גלייכגילטיק צו די געבוירן־ווייען פון די וואַסערפּליצן, וואָס ווערן געשטויסן פון די טיף־פאַרבאַרגענע מעכטיקע ערדישע כוחות. אָן אָפּשטעל פליצט דער וואַסערשטראָם, אָבער אַ פּחד באַפאַלט אים, ווען ער קומט אויף דער ליכטיקער אויבערפלאַך; ער וויל צוריק צו זיין ערדיש־פינצטערן אינגעווייד. אָבער קיין צוריק איז נישטאָ, פאַרקערט, ער ווערט כסדר געיאָגט און געשטויסן פון אַ מעכטיקן כוח און אַז דער וואַסערפּליץ קען נישט דערגרייכן די הימלען און ער האָט אויך נישט קיין וועג אויף צוריק, צעגיסט ער זיך אין אַלע זייטן, ער דרייט זיך אַרום זיך אַליין און זוכט אַ מקום, ווו אַוועקצולייגן זיך אָפּרוען נאָך דעם ווייטערדיקן ערדישן געבוירן. ווו נאָר אָן אָרט, צעגיסט זיך דער וואַסערפּלייץ און לייגט זיך אויס אויף דער אויבערפלאַך, ווו נאָר אַ שטיקל פלאַכלאַנד, שווימט ער אַריין און צעגיסט זיך.

אין צפון־זייט פונעם „סקרענט״ איז פאַראַן אַ ברייטער און טיפער ערדישער נידערפלאַך, נעמט ער אויף די צעגאָסענע אָנלויפנדיקע וואַסערן און צעלייגט זיי אויף זיין ברייטן פלאַך — דאָס איז די יעזשערע.

די יעזשערע־וואַסערן טרינקען אָן אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן, וואָס קומען קוויקן זיך דאָס חיות. בהמות בלייבן שטיין ביי די ברעגן,

בייגן איין די קעפּ אין וואַסער און זשלאָקען זיך אָן. אויך פּייגל טרינקען און באָדן זיך אין דער יעזשערע.

אין די הייסע זומערטעג קומען אויך די כעלעמער ייִדן זיך וואַשן און טובלען זיך, בפרט פרייטיק — לכבוד שבת. די יוגנטלעכע האָבן ליב אין די זומערטעג זיך צו באָדן און אַוועקשווימען ווייטער פונעם ברעג, ווו דאָס וואַסער איז טיף.

אַנדערש געשעט עס מיט די וואַסערן פון „סקרענט", וואָס פאַלן אַוועק אין דרום־זייט. אין דער זייט איז נישטאָ קיין ברייטער נידער־פלאַך, נאָר בלויז אַ שמאָלער פאַרטיפטער פאַס ערד. פאַלן דאָ די וואַסערן אַריין אין דעם שמאָלן ערדישן אויסגעבעט און זיי קענען נישט בלייבן ליגן, רוען אויפן אָרט. דער אָנלויף פונעם וואַסער פון „סקרענט" שטויסט זיי אַוועק מיט כוח און טרייבט זיי אַוועק אַלץ ווייטער און ווייטער. אָט דער כסדרדיקער וואַסערלויף אין דעם לאַנגן און שמאָלן ערדישן אויסגעבעט — דאָס איז דער כעלעמער טייך.

פוןביידע זייטן טייך שטייען די הילצערנע הייזער, ווו די כעלעמער ייִדן וווינען, צווישן זיי אויך דאָס געמויערטע הויז פונעם רבין ר׳ העשל. מענטשן קומען מיט עמערס און שעפּן דאָס וואַסער פונעם טייך, ס׳איז „מים חיים". דאָס לויטערע וואַסער טראָגט מען אין די שטובן צום טרינקען, קאָכן און וואַשן.

אין די פאַרמיטאָג־שעהען קומען אָן צום טייך פרויען פון די כעלעמער באַרגיקע גאַסן, איינגעבויגענע, אונטער דער לאַסט פון שווערע פּעק אויף די פּלייצעס. זיי נידערן אַראָפּ צום טייך און טראָגן די וועש, צו רייניקן זיי אין כעלעמער טייך.

דער פּאַק וועש אויף די פּלייצעס איז איינגעוויקלט אין אַ ליילעך. איבער די ברוסטן איז דאָס ליילעך פאַרקניפּט מיט דער „קויאַנקע" — אַזאַ הילצערנע שופלקע, וואָס איז פאַרשטעקט אינעם ליילעך־קנופּ. ביים ראַנד פון טייך ליגט אַ לאַנג ברעט, וואַרפט מען אַראָפּ פון זיך די פּעק וועש, מען שווענקט איינציקווייז די וועש אין טייך און מען קלאַפּט אויס דאָס שמוץ מיט דער „קויאַנקע". נאָכן אויסדרייען די

וועש, פאַרפּאַקן צוריק די וועשינס אין די ליילעכער די וועש, פאַר־קניפּן די „קויאַנקע” פון פאָרנט און גייען צוריק אַרויף אין די כעלעמער גאַסן אַריין.

דער טייך איז ווי לופט צו אָטעמען פאַר ישראל לייבעלע פאַרבער, סיי פאַרן פאַרבן און סיי נאָכן פאַרבן נוצט ער דאָס וואַסער פון טייך. דערפאַר האָט ער טאַקע זיין צימער ממשביים טייך. איין טראָט — טראָגט ער אַריין די עמערס וואַסער צום פאַרבן, און איין טראָט — טראָגט ער די געפאַרבענע זאַכן צום שווענקען אין טייך. אַזוי שווימט דער טייך אַוועק מיט אַלע שמוציקייטן און איז אַלץ מטהר.

דער כעלעמער טייך אַרבעט נאָר זעקס טעג אין דער וואָך, צו גלייך מיט אַלע ייִדן. שבת רוט ער. קיין וועשינס קומען נישט שבת מיט דער וועש צום טייך און ישראל לייבעלע פאַרבער — אַוודאי נישט. אָבער נישט בלויז דאָס: שבת און יום־טוב שטראָמט אַרויס פונעם טייך עפּעס אַזוינס, אַזאַ געהיימעניש וואָס קאָן קומען נאָר פון אַ ברכה פון די הימלישע הויכקייטן.

שבת אָדער יום־טוב אין דער פרי, ווען ייִדן קומען דאַווענען צום שולעכל פונעם רבין ר׳ העשל און זיי גייען פאַרביי דעם טייך, שטעלט מען זיך אָפּ, כאָטש אויף עטלעכע מינוט, ביי דער באַריערע פונעם בריקל און מען קוקט אַראָפּ צום טייך, מען זאַפּט אין זיך איין דאָס פליעסקען פונעם וואַסערלויף.

אין די שבתדיקע נאָכמיטאָג־שעהען, ווען די מענטשן זענען אויסגערוט און מען גייט שפּאַצירן, שטעלט מען זיך אָפּ אַ פּאָר מינוט אויפן בריקל, כדי אַריינצוקוקן אין טייך, זען דאָס לויטערע וואַסער און הערן דאָס שעפּטשען פון די כוואַליעס.

יונגע פּאָרלעך אויפן שבתדיקן שפּאַציר קיין פּאָלעכאַנקע, אָדער גאָר צום רייוויצער וואַלד, ווען זיי גייען פאַרביי דעם טייך, שטעלן זיך אָפּ ביי דער באַריערע פון בריקל. זיי קוקן אַראָפּ צום טייך און זיינע סודות טרינקען אָן די הערצער מיט ליבשאַפט. דער געפּליסטער

פונעם וואַסערלויף רעדט מיט אַ ריטמישער שפּראַך און צעוואָרעמט די בלוטן, גלייך ווי די בלוטן וואָלטן אויך געווען אַ טייל פון וואַסער־שטראָמען.

דאָס איז דער כעלעמער טייך.

# משה קאָטיק

משה קאָטיק איז געווען די לעבעדיקע בריק צווישן כעלעם און וואָלאָדאַווע. איין טאָג איז ער געווען אין כעלעם, אָפּגעליפערט די סחורות, אויסגעצאָלט דאָס געלט וועמען מען באַדאַרף, איבערגעגעבן די בריוו, דערליידיקט אַלע שליחותן. נאָכן אויסליידיקן זיין בויד, האָט ער אין כעלעם צונויפגענומען דעם טראַנספּאָרט פאַר וואָלאָדאַווע, אָנגעלאָדן די בויד — און צוריק אין וועג אַריין. אַזוי האָט ער אין די וואָכנטעג געאַרבעט אין די צוויי ייִדישע שטעט פון פרי ביז נאָך מנחה־מעריב. ביי נאַכט האָט משה קאָטיק גערוט. ער איז געשלאָפן געשמאַק אויף דער קעלניע פון זיין בויד. זיין פערד איז שוין געווען געניט אין די וועגן צווישן די צוויי שטעט און אַ גאַנצע נאַכט געשלעפּט די אָנגעלאָדענע בויד מיט סחורות און פּאַסאַזשירן. פון דעסטוועגן האָט משה קאָטיק, שלאָפנדיקערהייט, געהאַלטן די לייצעס אין די הענט, און ווען ער האָט געדאַרפט אַ צי טאָן די לייצעס רעכטס אָדער לינקס, האָט ער דאָס געטאָן אין שלאָף, און אַזוי איז ער באַלד אין דער פרי אָנגעקומען אין שטאָט אַריין. אַחוץ קליינע איבער־רייסן אויף זיך אונטערצולענען דאָס האַרץ מיט די מאָלצייטן און אויסער די שבתים און יום־טוב־טעג, איז ער שטענדיק געווען אין וועג. ווער נאָך אַזוי ווי אונדזער משה קאָטיק האָט געקענט די צוויי ייִדישע שטעט.

איין מאָל, געווען איז דאָס בחצות הלילה, און משה קאָטיק איז ווי געוויינטלעך געפאָרן מיט דער אָנגעלאָדענער בויד פון וואָלאָדאַווע קיין כעלעם. וואָס איז אַלץ נישט געווען אין ביידל? קעסטלעך סמאַראָווידלע אויף צו שמירן די רעדער פון די דאָרפישע פורלעך, פעקלעך פעל, זעקלעך קאַשע און כל מיני אַנדערע סחורות, און אויף דעם אַלעם זענען געזעסן צוויי פּאַסאַזשירן. איינער אַ וואָלאָדאַווער

באַלעבאָס איצל שמילעס, וואָס איז געפאָרן קיין כעלעם אָפּנעמען אַ חשבון, און דער צווייטער, אַ כעלעמער באַלעבאָס, משה בוידעס, וואָס איז אַהיימגעפאָרן. אין מיטן וועג איז דאָס פערד געבליבן שטיין, ביידע פּאַסאַזשירן זענען אַראָפּ פון דער פור, זיי זענען געווען זיכער, אַז דאָס פערד איז פאַרמאַטערט געוואָרן פון דער שווערער משא. האָבן זיי געוואָלט צוזאַמען מיט משה קאַטיק אַ ביסל שפּאַנען צופוס און פאַרלייכטערן דעם פערדל שלעפּן דאָס פורל. אָבער משה קאָטיק האָט געטענהט, אַז זיי האָבן אַ טעות:

— מיין פערד האָט זיך אָפּגעשטעלט ווייל איר זענט מיד פון זיצן אויף דער פור, און נישט ווייל ער איז מיד צו שלעפּן די בויד... דאָ, אין דער רעכטער זייט, איז פאַראַן אַ קרעטשמע, וועלן מיר אַריינגיין זיך אָפּרוען אַ ביסל און עפּעס איבערקייען. — אַלע דריי זענען אַריין אין קרעטשמע, זיך אַנידערגעזעצט ביי אַ טישל און גענומען עפּעס טועם זיין. דערביי איז פאָרגעקומען אַזאַ שמועס:

— אַן אויסטערלישע זאַך האָב איך היינט געזען ביי אייך אין וולאָדאַווע — דאָס זאָגט משה בוידעס צו די צוויי וולאָדאַווער — ווו איז דאָס געהערט געוואָרן בכל תפוצות ישראל, אַז אין הויף פון דער שול זאָל גאָר זיין אַ בית עלמין? דאָס זעט מען נאָר ביי אײַך, אין וולאָדאַווע. אַז אַ ייד גייט אַריין דאַווענען אין שול, צי איז דאָס אין אַ וואָכנטאָג, אָדער שבת און יום־טוב, אַפילו אין שמחת־תורה, זעט ער דעם בית־עלמין. איז דאָס נישט קיין פּחיתת הכבוד פאַר דער שול?

— מיט אונדז זיצט ר' איצל שמילעס — ענטפערט אים משה קאַטיק — ער איז אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס ביי אונדז אין וולאָדאַווע, ער איז אויך אין דער חברה־קדישא, זאָל ער אייך ענטפערן.

איצל שמילעס ענטפערט, ווי דער שטייגער איז, מיט אַ גמרא־ניגון:

— דאָס איז אַ קליינער און אַן אַלטער בית־עלמין, נאָך פון די צייטן פון ת״ח־ות״ט, די מצבות זענען שוין איינגעפאַלן און אַרומגעקרישלט. היינט באַנוצט מען זיך שוין נישט מיט דעם בית־עלמין.

מען האָט דאָרט אָנגעהויבן קובר זיין אין דער צייט פון כמיעלניצקיס שחיטות, ווען ס'איז נישט געווען קיין מעגלעכקייטן צו פירן די מאַסן קדושים ווייטער ווי פון שולהויף.

פאַר משה קאַטיקן איז דער ענטפער געווען צו שוואַך:

— זייט מיר מוחל, ר' איצל שמילעס, אויף דער שאלה פון אונדזער כעלעמער משה בוידעס וועל איך געבן אַן ענטפער אויף דער פור, איידער מיר וועלן אָנקומען קיין כעלעם. אָבער זאָגט מיר — ווענדעט זיך משה קאַטיק צו איצל שמילעס — זאָגט מיר, פאַר וואָס עפּעס זאָגן די וואָלאָדאַווער יידן, אַז איר האָט רחמנות אויף די רייכע, אויף די נגידים?

— וואָס? ביי אייך אין וואָלאָדאַווע האָט מען גאָר רחמנות אויף גבירים? — פרעגט משה בוידעס.

—ווונדערט זיך נישט — קלערט אויף איצל שמילעס, איר האָט דאָך שוין געהערט, אַז איך בין אַ מיטגליד פון דער חברה־קדישא, קומט מיר אויס צו האָבן רחמנות דוקא אויף די רייכע. מען זאָגט, אַז „עני חשוב כמת", זעט איר, אַז ווען אַ מענטש איז בלויז „חשוב כמת", איז אויף אים אַ רחמנות, היינט ווי איז דער דין, ווען דער מענטש איז נישט בלויז חשוב כמת, נאָר טאַקע רחמנא לצלן אַ מת ממש, איז דאָך אַ דאָפּלטער רחמנות אויף אים; ערשטנס, פאַר וואָס ער האָט ביים לעבן, ווי אַן עושר נישט געוואָלט געבן, נישט לטובת הפּרט און נישט לטובת הכלל. און צווייטנס, וואָס איצט, נאָך זיין פּטירה, מוז ער נעבעך געבן מיט דער פולער האַנט, פאַר אַלע צייטן. היינט זאָגט איר אַליין, איז נישט קיין רחמנות אויף זיי? זיי ווילן נישט געבן, אָבער זיי מוזן געבן!

אַלע זענען אַרויף אויף דער פור. משה קאַטיק גיט אַ צי די לייצעס — וויאָ! און דאָס פערדל שלעפּט ווידער די בויד. ווידער שלאָפט משה קאַטיק אויף דער קעלניע און די פּאַסאַזשירן אויף דער פולער פור. אַזוי פאָרט מען ביז ס'הייבט אָן טאָגן. פּלוצלינג, שוין נישט ווייט פון דער שטאָט, איז ווידער דאָס פערדל געבליבן שטיין,

ווידער איז משה קאַטיק אַראָפּ פון דער קעלניע און נאָך אים אויך ביידע פּאַסאַזשירן. דאָס מאָל איז די סיבה פון דער הפסקה געווען פאַרשטענדלעך פאַר אַלע.

אויפן געשלענגלטן וועג, וואָס פירט קיין כעלעם איז די געגנט באַרגיק און באַוואַלדיקט מיט געדיכטע בוימער — אַ ווינקל פון ששת ימי בראשית — צווישן געדיכטע רייוויצער וועלדער פון צפון־און דרום־זייט און צווישן שיפּועדיקע בערג פון מזרח־און מערב־זייט. דאָ אין טאָל, אונטערן שמאָלן הימל־האָריזאָנט, האָט זיך כעלות השחר אַנטפּלעקט דער סאַמע שטילסטער סוד פון בורא־עולם, דער שורש פאַרן מענטשלעכן געפיל און פאַרשטאַנד. בלויז אַ שמאָלן פאָס־ערד האָבן די מענטשן אַרויסגעריסן פון אָט דעם שטילן נאַטור־ווינקל פאַרן אויסגעפּלאָסטערטן שטיינערוועג קיין כעלעם. אויף אָט דעם אָרט האָט משה קאַטיק יעדן טאָג זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ קליינער פויזע פאַרן אָנקומען אין שטאָט אַריין.

משה קאַטיק איז אַראָפּ פון שאָסיי אין אַ זייט. ביים ראַנד פון רייוויצער וואַלד האָט ער די הענט געוואַשן אין די פייכטע גראָזן און געזאָגט „מודה אני". אויך איצל שמילעס און משה בוידעס האָבן זיך איינגעריבן די הענט אין די הויך־פולכעדיקע גראָזן און געזאָגט אַ „יידיש וואָרט". באַלד דערנאָך האָט מען ממשיך געווען די רייזע.

ווען דאָסביידל איז צוגעקומען צו אַ הויכן פונקט אויפן שאָסיי, האָט משה קאַטיק איינגעהאַלטן דאָס פערד, אָפּגעשטעלט די בויד, זיך אויסגעדרייט צו זיינע פּאַסאַזשירן און געוויזן די שטאָט:

— איצט קענט איר זען כעלעם, גאַנץ כעלעם, ווי איר וואָלט זי געהאַלטן אויף דער האַנט. פון דאַנען זעט זיך די גאַנצע שטאָט: די דעכער פון די הייזער, אַזוי ווי זיי וואָלטן געלעגן איינע אויף די צווייטע, און איבער אַלע דעכער, איבער אַלע הייזער, אויפן העכסטן שפּיץ פון באַרגיקן כעלעם זעט מען די טומאהס — אָן אַ שיעור קלויסטערס, אַ גאַנצע קייט פון רונדיקע קלויסטער־דעכער מיט צלם שפּיצן רייסן זיך אַריין אין הימל. פרעג איך אַ פראַגע: פאַר וואָס האָבן די כעלעמער יידן אַריינגערוקט, להבדיל אלף הבדלים,

די שול אין אַ זייטיקן געסל אַריין? יידן האָבן דאָך געבויט דעם מקום־קדוש פריער פאַר זיי, פאַר וואָס זשע האָבן זיי נישט געהאַט קיין שכל צו פאַרנעמען אַ הויכן באַרג, איידער עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן די טומאהס?

ביידע פּאַסאַזשירן שאָקלען מיט די קעפּ, ווי צו באַשטעטיקן די ווערטער פון משה קאַטיק, און ער ענטפערט זיך אַליין מיט אַ פּסוק: „מפּני חטאנו גלינו מארצנו", און ער פירט אויס, אַז ביידע, סיי דער בית־עלמין אין הויף פון דער וולאָדאַווער שול און סיי די כעלעמער שול, וואָס שטייט אין אַ זייטיקן געסל, איז אַ שטראָף פון גאָט — פאַר אונדזערע זינד, צוליב וועלכע מיר זענען פאַרטריבן געוואָרן אין גלות.

# די כעלעמער קרעטשמע

יעדן דינסטיק, פון די פרימאָרגן־שעהען אָן, קומען אָן צו פאָרן מיטן לובלינער שאָסיי די דאָרפישע פורן צום כעלעמער טאָרג. וואָס נענטער אין שטאָט אַריין, אַלץ מער פורן קומען אַרויס פון די זייטיקע וועגן אויפן שאָסיי אַרויף, און ווען זיי קומען צום בריקל, וואָס איבער דעם כעלעמער טייך, איז דער שאָסיי איבערפולט מיט פורן, וואָס וואַרטן אַריינצופאָרן אין שטאָט אַריין, ווייל דאָס בריקל איז שמאָל און מער ווי איין פור קען נישט אַדורכגיין, מוזן די פורן דורכפאָרן איינציקווייז. אָבער באַלד נאָך דעם טייכל איז שוין דער וועג פריי. נישט ווייט פון טייכל איז פאַראַן אַ סך פרייע פלעצער, ווו מען שטעלט אַוועק די פורן און מען כאַפּט זיך אַריין אין קרעטשמע זיך אָפּרוען פון וועג און עפּעס עסן פון די שטאָטישע מאכלים.

אין די דינסטיקדיקע טעג זענען די באַלעבאָטים פון דער קרעטשמע פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג, פון פאַרטאָגס אָן ביז נאַכט שטייען זיי אויף די פיס. ווער שמועסט, ווען אין כעלעם איז אַ גרויסער טאָרג, אָדער גאָר אַ יאַריד, ווען ס׳קומען אָן אַ סך דאָרפס־לייט און אויך מענטשן פון די אַרומיקע שטעטלעך — דעמאָלט רוט נישט די טיר אין דער כעלעמער קרעטשמע. די גרויסע שטוב איז דעמאָלט פול מיט פּרויען, מענער און אַפילו קינדער. דער לאַנגער טיש מיט די בענק לעבן דער שויבנטיר איז פול באַזעצט. אויך דער קלענערער טיש, וואָס שטייט אַ ביסל ווייטער, איז באַזעצט. די קולות פון די דאָרפסלייט, וואָס רעדן צווישן זיך הויך אויף פאַרשידענע לשונות — כאָכלאַצקע אוקראַיִניש, דאָרפיש פויליש, ווייסרוסיש — מישן זיך אויס אין איין געררויש. אינעם טומל רופן די קונים צו דערלאַנגען זיי די שטאָטישע מאכלים. איינער פאָדערט פון „פאַניע

זעליק״ צוויי גלעזלעך וואָדקע, אַ צווייטער פון די „פאַני זעליקאָווע״, אַ ווייסע בולקע מיט אַ הערינג, אַנדערע — אַ טעפל טיי, אַ פעקל מאַכאָרקע מיט ביבעלע־פּאַפּיר, שוועבעלעך. אויסגעהאָרעוועטע הענט שטרעקן זיך איבער די טישן אין דער כעלעמער קרעטשמע צו די געשמאַקע שטאָטישע מאכלים. מיט אַ ספּעציעלער הנאה עסן די דאָרפסלייט די ווייסע בולקעס מיט הערינג.

דער פאַן זעליק און די פאַני זעליקאָווע האָבן דעם טאָג נישט קיין רו. מען דאַרף דערלאַנגען די קונים דאָס עסן און בעמען דאָס געלט. אַ גאַנצן טאָג גייען זיי אַהין און צוריק, פון די טישן צום בופעטל, צו דער קיך און צוריק. דערווייל דאַרף מען צולייגן האָלץ אין דער הרובע און אונטערבלאָזן דאָס פייער. און אָט פעלט אויס וואַסער אין פעסל מוז דער פאַן זעליק גיין צום טייך נאָך וואַסער. די קרעטשמערקע בלייבט דערווייל מיט די קונים אַליין און מוז אַלעמען באַדינען. אַ גאַנצן טאָג איז נישטאָ קיין צייט אַפילו אויף אַ מינוט זיך אַנידערצוזעצן. ערשט אין די נאָכמיטאָג־שעהען הייבט אָן צו ווערן אַ ביסל גרוימער אין דער קרעטשמע, און אין אָוונט ווערט שוין אין גאַנצן שטיל און די באַלעבאַטים בלייבן אַליין. איצט ווערט די קרעטשמע צוריק פאַרוואַנדלט אין אַ ייִדישער שטוב. מען הערט מער נישט רופן אים פאַניע זעליק, נאָר פשוט זעליק; אויך זי, די קרעטשמערקע, הייסט שוין איצט נישט מער זעליקאָוואַ, נאָר זי האָט איר אייגענעם ייִדישן נאָמען — שיינטשע. מען קוקט זיך אַרום וואָס ס׳איז פאַרבליבן פאַר זיך עפּעס צו עסן. זעליק וואַשט זיך צום עסן, ער הייבט אויף די הענט: „שאו ידיכם קודש״... און ער זוכט דאָס האַנטעך זיך אָפּצווווישן די הענט. „נו!״ אַזוי פרעגט ער זי מיט אַ ווונק ווו ס׳איז דאָס האַנטעך. איידער ער מאַכט די ברכה, ווען ער זעצט זיך צום טיש, זוכט ער דאָס כשרע מעסער: „סכין!״ און שיינטשע דערלאַנגט אים דאָס כשרע מעסער. דאָס פאָרפאָלק עסט צום ערשטן מאָל נאָך אַ גאַנצן טאָג. נאָך דעם עסן בענטשט מען כדת וכדין.

אויף די טישן זענען געבליבן די שמוציקע כלים, גלעזער און

גלעזעלעך און אויך אָפּפאַל פון די מאכלים. די פּאָדלאָגע איז אָנגעטראָטן און ברודיק. איצט, נאָך זייער אייגענער סעודה, נעמט זיך דאָס פאַרפּאַלק ווידער צו דער אַרבעט. שיינטשע הייבט אָן אויפרוימען די קרעטשמע און זעליק נעמט זיך צום טישקעסטל מיטן געלט. ער לייגט צונויף דאָס קופּערנע געלט באַזונדער און דאָס זילבערנע באַזונדער: צווייערס צו צווייערס, פירערס צו פירערס, צענערס באַזונדער און גילדנס באַזונדער. ער וויקלט דאָס אין פּאַפּיר. די פּאַרפּאַקטע „טיטלען" ציילט ער איבער און באַרעכנט. אַז שיינטשע זעט, אַז ער האָט שוין אויססאָרטירט, פּאַרפּאַקט און באַרעכנט דאָס געלט גייט זי צו:

— וויפל איז דאָ, זעליק?

— אַרום און אַרום וועט זיין אַ פינף און צוואַנציקער!

— נישט מער?

— אַ דאַנק גאָט דערפאַר — דערביי ווייזט ער אָן אויף די באַזונדערע אָפּגעציילטע טיטלען געלט — דאָס איז צען רובל פאַר דער דזשערזשאַווע. מאָרגן אים ירצה השם וועל איך גיין אין מאַגיסטראַט אַריין דאָס באַצאָלן; און דאָס איז אויף אַ ראַטע פאַר דער הלוואה מיטן פּראָצענט; און דאָס איז אָפּצוצאָלן די קליינע חובות; די 2 קאַרבן זענען אויף שבת צו מאַכן און אויף דער וואָך פּרנסה, און די רעשט וועט זיין איינצוקויפן פּראָדוקטן.

— האָסט שוין געמאַכט דעם חשבון? — פרעגט אים שיינטשע — און ווו איז אַ מלבוש, שיך און... — דאָס לעצטע וואָרט האָט שיינטשע נישט פאַרענדיקט; זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, זיך פאַרשעמט און נישט דרייסט געווען עס אַרויסצוברענגען פאַרן מויל.

— און וואָס נאָך? — רופט זיך אָן זעליק — זאָג, וואָס מיינסטו?

— זעליק, וואָס איז מיט דיר? איך דאַרף דיר שטעקן אַ פינגער אין מויל אַריין? מען איז דאָך נאָר אַ מענטש,

— איך פאַרשטיי דיך נישט, שיינטשע, אַוודאי איז מען נאָר אַ מענטש.

— זעליק, זעליק, באַרעכן. היינט זענען מיר נאָך יונג, פאַר־

שטייסט? מיר זענען צוויי יונגע מענטשן און מיר אַרבעטן, ווי די פערד, אַרום די דאָרפישע פויערים און פויערטעס. אָבער וואָס וועט זיין דער תכלית, אַדרבא, זאָג דו אַליין, וואָס וועט זיין דער תכלית?

זעליק האָט איר געקוקט אין די אויגן אַריין. נאָך מער ווי פון אירע רייד, האָט ער פון איר בליק דערפילט און פאַרשטאַנען דעם אינהאַלט פון אירע באַגערן. אַ ליבשאַפט געמישט מיט רחמנות האָט אים דורכגענומען. איצט האָט ער אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, זיך פאַר־שעמט פאַר שיינטשען און געשוויגן...

# דער ערשטער נחת

צו מאָרגנס נאָכן ברית, ווען שיינטשע איז אויפגעשטאַנען פון קימפּעט, האָט זעליק גערופן זיינוול סטאָלער צו זיך אין קרעטשמע אַריין און האָט אים געוויזן די אַרבעט, וואָס ער פאַרלאַנגט פון אים. מיט ווייסן קרייד האָט זעליק דורכגעפירט פיר פּאַסן אויף דער טיר, וואָס פון דער קרעטשמע אין צימער אַריין — אַ מוסטער־צייכן פאַר אַ פירקאַנטיק רעמל:

— דאָ, אויף דעם אָרט וויל איך מאַכן אַ פענצטערל — דער־קלערט זעליק דעם סטאָלער — איך וויל איר זאָלט אויסשניידן דאָס האָלץ אין דער טיר, אַז מען זאָל קענען אַריינפּאַסן אַ שייבל.

האָט שוין זיינוול סטאָלער פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט אַ צו־זאַמענהאַנג מיט דעם ניי־געבוירענעם קינד, האָט ער מיט אַ שמייכל געכאַפּט אַ בליק צו שיינטשען און גלייך צוריק צו זעליקן:

— מזל־טוב איך! לתורה, לחופה ולמעשים טובים!

— מיט נחת און פריידט זאָלט איר לעבן — האָט אים זעליק געענטפערט. זיינוול האָט געברענגט די כלים און זיך גענומען צו דער אַרבעט. נאָך איידער זיינוול סטאָלער האָט פאַרענדיקט זיין אַרבעט איז אַריינגעקומען אַ פּאָרפאָלק, זיגמונד מיט סטאַשקען. זיי האָבן געברענגט אַ געפלאָכטענעם מולטערקויש.

— צום געזונט און גליק! — האָט סטאַשקע אויסגערופן לוס־טיק — זעליקאָוויע, מיר האָבן געברענגט דאָס בעט.

— אַ ניי בעט — גיט צו זיגמונד — אַ ניי בעט פאַר אייער ניי־געבוירענעם זון. איך אַליין האָב דאָס פעסט אָנגעצויגן, פון דעם בעסטן סאָרט באַטשופקעס געמאַכט.

זעליק האָט באַצאָלט אַ זילבערן קערבל און דערלאַנגט זיי צוויי גלעזלעך וואָדקע מיט טשאַסטעס צום פאַרבייסן.

ווען זיינוול סטאָלער האָט שוין פאַרענדיקט זיין אַרבעט, האָט אים זעליק נאָך נישט געלאָזט אַוועקגיין ביז ער וועט אים העלפן אויפהענגען דאָס מולטערל פאַרן קינד. אין די דיקע בעלקעס פון סופיט האָט זיינוול סטאָלער אַריינגעשרויפט אייזערנע האַקעס און אָנגעהאָנגען אין זיי דיקע שטריק. די שטריק האָט מען אַרומגענומען און צוגעבונדן צום מולטערקויש אַזוי, אַז ס׳זאָל זיין פונקט אַקעגן דעם פענצטערל אין דער טיר, מען זאָל קענען אין דער קרעטשמע זען דאָס קינד אין זיין „בעטל”. שיינטשע האָט אַהין אַריינגעלייגט פריש היי, ווייך אויסגעבעט און פאַרשפרייט אַ ניי ליינען ליילעך. דערנאָך האָט שיינטשע, מיט ציטערדיקן ערנסט, אַריינגעלייגט איר נייגעבוירן יינגעלע — גרשון.

דאָס פרישע היי און די פרישע באַטשופּקעס פון דעם מולטערקויש, האָבן געשמעקט מיט די ריחות פון לאָנקעס אין צייטיקן פרילינג. שיינטשע האָט אָנגעהויבן שאָקלען דאָס קינד אין זיין געלעגער. די מולטערקויש מיטן קינד האָט זיך לייכט געהוידעט אין דער לופטן.

— דאָס איז זייער אַ באַקוועם וויגעלע — זאָגט זיינוול סטאָלער — דער אויבערשטער זאָל אייך העלפן ס׳זאָל זיך גרינג כאָווען, מיט געזונט און פרנסה.

— מיט גאָטס הילף — ענטפערט זעליק. שיינטשע רעדט אַריין אין וויגעלע, זי פּיעשטשעט איר קליינעם גרשונען: „שוועלבעלע מיינס! שיין יינגעלע!” — און דער קליינער יחסן ענטפערט אויף אַלעמענס ווערטער, מיט זיין שפּראַך, מיט זיין גאַנצן כוח, בקול רם:

— אוּ אַ! אוּ אַ!

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס נייע לעבן אין דער כעלעמער קרעטשמע.

די קרעטשמע האָט ווייטער זיך געפירט ווי פריִער. מען האָט בלויז, פון צייט צו צייט, געכאַפּט אַ בליק אין פענצטערל אַריין צום

קינד, און ער, דער קליינער גרשון, איז געשלאָפן געשמאַק אין זיין באַקוועמען מולטערקויש. אַבי שיינטשע האָט אים נאָר אָנגעזויגן און איבערגעוויקלט אויף טרוקן, איז ער זיך אַזוי געלעגן אויסגעצויגן גלייך, די הענטלעך און פיסלעך אין דעם וויקלער־געוואַנט. האָט ער כמעט גאָרנישט געשטערט אין דער אַרבעט אין קרעטשמע.

אַזוי איז געווען די ערשטע צייט. אָבער ווען דאָס קינד איז אונטערגעוואַקסן און דער מולטערקויש איז שוין געווען פאַר אים צו קורץ און שמאָל, דעמאָלט האָט ער זיך אַרויסגעריסן פון די וויקלערס און אָנגעהויבן זיך שפּילן מיט זיך אַליין. ער האָט אָפטער אויפגעהויבן די פיסלעך, מיט די הענטלעך געפלאָכטן, באַטאַפּט די פינגערלעך און אויסגעטענהט זיך, אויף זיין שפּראַך, מיט זיך אַליין. דער קליינער גרשון האָט שוין אָנגעהויבן דערפילן, ווען ס׳איז אין קרעטשמע אַ טומל, זיינע עלטערן זענען פאַרנומען און לאָזן אים אַליין — האָט ער גראָד אין די טאָרג־טעג, ווי אויף להכעיס, זיך געלאָזט הערן מער ווי אַלע אַנדערע טעג.

שיינטשע האָט אין מיטן דרינען געמוזט אַריינגיין זיך פאַר־נעמען מיט איר קליין נחתל און איבערלאָזן זעליקן אַליין אין דער קרעטשמע.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און דאָס קליינע מזיקל האָט אויך אָנגעהויבן אויפהייבן דאָס קעפּל, אַרומקוקן זיך און אָנבייגן זיך אין אַ זייט. די עלטערן האָבן שוין מורא געהאַט ער זאָל, חלילה, נישט אַרויספאַלן, האָט שיינטשע געמוזט אים אַרויסנעמען פון דעם מולטערקויש און אַריינגעמען צו זיך אין בעט אַריין.

אַז די געסט אין קרעטשמע האָבן געהערט דאָס קינדערישע קול, האָבן זיי אַפילו נישט געפרעגט ווי אַזוי דאָס קינד הייסט; פאַר זיי איז נישט וויכטיק געווען, ווי אַזוי מען האָט דאָס קינד אַ נאָמען געגעבן. זיי האָבן געהאַט פאַר אים זייערס אַ פאַרטיקן נאָמען, אויף זייער שפּראַך: „מלאָדי זעליק״ (דער יונגער זעליק). אַזוי אַרום האָט אויך דאָס קינד, פונקט ווי זיינע עלטערן, געהאַט

צוויי נעמען, אַ יידישן נאָמען — גרשון, און אַ נישט יידישן נאָמען — „מלאַדי זעליק".

— פּאַני זעליקאָוואַ! דער „מלאָדי זעליק" וויינט שוין, גיי אַריין צו אים — האָבן די קונים אין קרעטשמע גענזאָגט צו שיינטשען. אַנדערע האָבן זיך אויסגעשמועסט מיט זעליקן, האָבן זיי אים גע־פרעגט: — וואָס מאַכט עפּעס אייער מלאָדי זעליק?

נישט בלויז דעם קינדס נאָמען האָט זיך צעטיילט אין צווייען. אויך די סביבה איז באַשטאַנען פון צוויי באַזונדערע וועלטן: פון איין זייט די שטוב ביי זיינע עלטערן, דאָ ווו מען רופט אים גרשון, און פון דער צווייטער זייט — די קרעטשמע, ווו ער איז „מלאָדי זעליק".

אַזוי לאַנג, ביז ער האָט אָנגעהויבן גיין אין חדר. ביסלעכווייז האָט גרשון גובר געווען, אין זיך אַליין, איבער זיין צווייטן נישט יידישן צונאָמען „מלאָדי זעליק".

# דאָס וויגעלע מיטן ציגעלע

אונטער דעם קינדס וויגעלע
שטייט אַ קלאָר־ווייס ציגעלע,
דאָס ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען
ראָזשינקעלעך מיט מאַנדלען,
ראָזשינקעלעך מיט פייגן,
גערשעלע וועט קווען, וואַקסן
שלאָפן און שווייגן.

דאָס איז געווען שיינטשעס באַליבט לידעלע איינצוּוויגן איר גרשונען. אַפילו ווען דאָס וויגעלע איז שוין געווען פאַר אים צו קליין, און זי האָט אים געהאַלטן ביי זיך אין בעט, האָט זי נאָך אַלץ אים איינגעשלעפערט מיט דעם זעלבן וויגליד. כאָטש דאָס וויגעלע איז געהאָנגען באַזונדער אין דער מיט שטוב, האָט זי אים אין בעט נאָך אַלץ איינגעפּיעשטשעט מיטן „וויגעלע און ציגעלע". אַזוי איז געווען אַ גאַנצן ווינטער, ביז זעליק האָט זיך דערמאָנט אין די ראָזשינקעס:

— ווייסט, שיינטשע, איך בין היינט געווען אין מאַרק, האָב איך געקויפט די ראָזשינקעס; מאָרגן, בלי נדר, וועל איך אַראָפּנעמען פון בוידעם די פסחדיקע כלים איינצולייגן די ראָזשינקעס אויף ווין פאַר ארבע כוסות אויף פסח.

— איידער דו גייסט אַרויף אויפן בוידעם, דאַרפסטו פריִער אָפּ־בינדן דעם קינדס וויגעלע, זעסט דאָך, אַז פאַר גרשעלען איז דאָס שוין צו קליין, ער וועט שוין אין דעם נישט שלאָפן. צו וואָס זאָל דאָס הענגען סתם אַזוי „אַ לונג־און־לעבער" אין דער מיט שטוב?

בינד דאָס אָפּ און נעם עס מיט אויפן בוידעם. וועסט דאָס דאָרטן אַוועקלייגן אין אַ ווינקל. זאָל דאָס ליגן.

— צו וואָס זאָל איך דאָס אַרויפשלעפּן אויפן בוידעם ? — פרעגט זעליק — ווען מען וועט צורוימען אויף פּסח, וועל איך אַרויסשרויפן די האַקעס פון בעליק און אַרויסוואַרפן די מולטערקויש מיט די גראָבע שטריק, וועט אי״ה די שטוב זיין לייטיש צוגערוימט אויף פּסח.

— אַרויסוואַרפן ! דו ביסט באַלד גרייט אַלץ אַרויסצוּוואַרפן, קיינער וואַרפט דיר גאָרנישט אַריין, און דו ווילסט נאָר אַרויסוואַרפן ; איך הייס דיך דען אַרויסרייסן די האַקעס פון בעליק ? דאָס שטערט מיר נישט, זאָלן די האַקעס בלייבן אין בעליק אַזוי ווי זיי זענען אַריינגעשרויפט. קיינער קוקט נישט אַרויף אין דער הייך, בלויז די שטריק דאַרף מען אָפּבינדן פון די האַקעס און דאָס וויגעלע מיט די שטריק אַרויפלייגן אויפן בוידעם.

— וואָס רעדסטו ? אַזאַ מציאה איז דאָס, אַז מען דאַרף דאָס באַהאַלטן אויפן בוידעם ? ס׳איז דאָך שוין צעהוידעט און אַז ס׳וועט ליגן אויפן בוידעם וועט דאָס נאָך מער קאַליע ווערן. זומער וועט עס ווערן פאַרברענט פון דער זון און ווינטער וועט עס ווערן פאַר־פרוירן פון דער נעץ.

— וואָס האָסטו אָנצוּווערן ? אַרויסוואַרפן האָסטו דאָך אַלע מאָל צייט, נישט אַזוי ? דערווייל קענסטו דאָס טאַקע צופאַרריכטן, אויס־גלייכן אויפן בוידעם, אַז דו וועסט דאָס צודעקן גוט, מיט אַ סך שטרוי, וועט דאָס נישט פאַרברענט ווערן זומער און נישט פאַר־פוילט ווערן ווינטער, פאַרשטייסט ? זאָל דאָס ליגן אויפן בוידעם. וואָס אַרט דאָס דיך, ס׳בעט דיך עסן, ס׳קאָסט דיך טייערער ?

— ס׳איז ממש צו לאַכן אין די פויסטן פון אַזאַ איינפאַל — הייבט זעליק מיט די אַקסלען. דערביי קוקט ער איר אין די אויגן אַריין, פון וואַנען עס גייען אויף די אינטימע געפילן צו איר מאַן. אָן ווערטער רעדן די בליקן. דאָס זענען סודות פון די אינערלעכע יסודותדיקע פאַרהעלטענישן פון מאַן און פרוי. באַזינט ער זיך שנעל און כאַפּט זיך צוריק פון זיין אויסדרוק „לאַכן אין די פויסטן״.

ער ווערט רויט און וויל זי איבערבעטן פאַר דעם וואָס ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. הייבט ער אָן מיט די ווערטער:

— אוי, שיינטשע לעבן! גלייב מיר, אַז דאָס גאַנצע לעבן איז נאַריש. „הבל הבלים" אמר קוהלת, הכל הבל. ס'איז אַלץ נאַריש. נאָר גאָרנישט, אַז דו זאָגסט אַזוי, זאָל זיין אַזוי. איך וועל צופאַר־ריכטן, איינפּאַקן דאָס וויגעלע און אַרויפטראָגן עס אויפן בוידעם.

— טו מיר נישט קיין טובות, חכם מיינער! — איז שיינטשע שוין געוואָרן בייז — דו ביסט אַ גרויסער צעלייגער, ביסטו, אַלץ טוסטו דאָך פאַר מיינעטוועגן, יאָ, אַלץ פאַר מיינעטוועגן!

זעליק האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט ווערטער וועט ער זיך נישט קענען פאַרענטפערן, האָט ער אין גאַנצן פאַרשוויגן און איז געגאַנגען אויסזוכן די זאַקנאָדל. ער האָט איינגעפעדעמט אַ שטריקל און אָנגעהויבן צו פאַרריכטן די מולטערקויש. ער האָט אַרומגעגייט דעם קאַנט, גוט אויסגערייניקט, דערנאָך אָפּגעבונדן די שטריק פון די האָקעס אין סופיט און אַרויפגעטראָגן דאָס וויגעלע מיט די שטריק צוזאַמען מיט אַ בינט שטרוי אויפן בוידעם. אין ווינקל בוידעם האָט ער אַרומגעוויקלט און גוט פאַרפּאַקט די געפלאָכטענע מולטער אין דעם שטרוי.

זינט זעליק האָט אַרויסגענומען פון שטוב דאָס וויגעלע, האָט שיינטשע אויפגעהערט איינשלעפערן איר גרשונען מיט דעם וויגליד פון „וויגעלע און ציגעלע", גלייך ווי ער וואָלט געווען צוזאַמען מיט דעם וויגעלע אויך אַוועקגעטראָגן דאָס ציגעלע. שיינטשע האָט פון דעמאָלט אָן איינגעפּיעשטשעט איר גרשונען צום שלאָפן מיט אַנדערע לידער. איינס פון אירע נייע לידער איז געווען:

דער מלאך דער גוטער,
ער וועט זיין דיין היטער,
שלאָף שוין, מיין טייער קינד.

דאָס וויגעלע איז שוין געווען פאַרגעסן געוואָרן, אַפילו זעליק

האָט דאָס שוין פאַרגעסן. יעדעס מאָל, ווען ער איז אַרויפגעגאַנגען אויפן בוידעם אַראָפּנעמען אָדער אַרויפטראָגן דאָס פּסחדיקע געפעס, האָט ער געקוקט אויף דעם באַרג שטרוי אין ווינקל בוידעם און געמיינט אין דער ערשטער מינוט, אַז דאָס איז סתּם אַזוי אַ באַרג שטרוי. ער האָט זיך קוים דערמאַנט, אַז אונטער דעם באַרג שטרוי האָט ער באַהאַלטן דאָס וויגעלע.

אַזוי לאַנג, ביז שיינטשע איז אויפגעשטאַנען פון קימפּעט מיטן צווייטן קינד. דעמאָלט האָט זעליק געזאָגט צו זיין קימפּעטאָרין:

— שיינטשע! איך וועל אַרויפגיין אויפן בוידעם אַראָפּנעמען דאָס וויגל. די האַקעס אינעם בעליק פון סופיט זענען דאָך גוט, וועל איך צובינדן די שטריק, און דו וועסט קענען אויסבעטן פאַרן קינד זיין געלעגערל.

— געלויבט צו גאָט! אַבי דו ביסט שוין צום שׂכל געקומען — דערמאָנט שיינטשע איר מאַן.

— יאָ, שיינטשע לעבן! דו ביסט כשר גערעכט, איך זע איצט, אַז איך האָב גוט געטאָן, וואָס איך האָב באַהאַלטן דעם קינדס וויגעלע.

נאָך דעם ווי זעליק האָט צוגעבונדן די שטריק, פאַרפעסטיקט די מולטערקויש און שיינטשע האָט אויסגעבעטן און אַריינגעלייגט דאָס ניי־געבוירענע יינגעלע אין זיין געלעגער, האָט שיינטשע גלייך באַנייט איר באַליבט וויגליד איינצוּוויגן דאָס נייע קינד מיט דעם אַלטן לידעלע:

אונטער דעם קינדס וויגעלע
שטייט אַ קלאָר־ווייס ציגעלע...

איז ווידער אַדורך אַ צייט און אויך דאָס צווייטע קינד האָט זיך גוט געכאָוועט, געקוואַלן און געוואַקסן, אַז דאָס וויגעלע איז שוין אויך פאַר אים געוואָרן צו קורץ און שמאָל. האָט שיינטשע אויך אים געמוזט אַריינגעמען צו זיך אין בעט אַריין; איז ווידער דעם קינדס בעטעלע געבליבן הענגען אַ „לונג־און־לעבער" אין דער מיט

שטוב. דעמאָלט האָט זעליק שוין נישט געוואַרט, אַז שיינטשע זאָל אים זאָגן וואָס ער האָט צו טאָן. אַליין האָט ער אויסגעגלייכט, אויס־גערייניקט און פאַרפאַקט אין שטרוי דאָס וויגעלע אינעם ווינקל בוידעם. און אַזוי ווי דאָס וויגעלע איז פאַרשוווּנדן פון שטוב איז אויך דאָס מאָל פון שיינטשעס מויל אַוועק דאָס ציגעלע; אויס וויגעלע און ציגעלע. אַזוי לאַנג, ביז דאָס לעבן האָט זיך נאָך אַ מאָל באַנייט; איז ווידער פון בוידעם אַראָפּגעקומען דאָס וויגעלע מיטן ציגעלע.

# די פסחדיקע סטעלמע
# און דאָס חמצדיקע וואַסער

קיילטשע און ביילטשע זענען שכנטעס. קיילטשע וווינט אויף ד ע ר זייט פון כעלעמער טייך, ביילטשע אויף י ע נ ע ר זייט טייך. חול־המועד פסח זענען זיי ביידע צוזאַמען געגאַנגען אַהיים פון די יאַטקעס מיט פולע קיישלעך, מיט אַלץ, וואָס זיי האָבן איינגעקויפט אויף די צווייטע טעג פסח. זאָגט קיילטשע צו ביילטשען:

— ס׳איז דאָך יום־טוב ביי ייִדן, אַפילו די דאָרפסלייט קומען זייער ווייניק אין שטאָט אַריין. זיי ווייסן זייער גוט ווען ס׳איז ביי ייִדן פסח.

גייען זיך אַזוי די צוויי שכנטעס אַהיים אין דעם שטילן חול־המועד אויף דער לובלינער גאַס אין כעלעם. אָבער ווען זיי זענען שוין געווען נאָענט צו זייערע שטובן, איז אין מיטן שאָסיי אָנגעפאָרן אַ דראָזשקע; די אייזערנע רעדער און די פערדישע פּאָדקאָוועס האָבן ריטמיש אָפּגעקלונגען פון די געפלאַסטערטע האַרטע שטיינער און פאַרהילכט די גאַס. פּלוצלינג האָט דער דראָזשקאַזש געגעבן אַ פּעסטן צי די לייצעס און אַ טיפּן סמאָקע מיט די ליפּן צו די פערד: טפּררר...

— ביילטשע, די קאָטש האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי שיינטשעס טיר און עפּעס אַ יונגער פּריץ גייט דאָרט אַריין.

ביידע שכנטעס קוקן זיך צו מיט חידוש: ווער קאָן דאָס זיין דער יונגער פּריץ וואָס קומט אין חול־המועד פסח צו זעליקן און שיינטשען?

— ביילטשע, איך זאָל אַזוי לעבן! איך קען דעם דראָזשקאַזש,

ער איז דאָך אַברהמטשע! קום, וועלן מיר אים פרעגן ווער ס'איז דער פּריץ, וואָס איז געקומען צו פאָרן...

— אַברהמטשע, זאָגט מיר, איך בעט אייך: ווער איז דער פּריץ, וואָס איז געקומען צו פאָרן?

— ער איז גאָרנישט קיין פּריץ, ער איז אַ דאָקטער!

— אַ דאָקטער? אפשר איז שיינטשע ווידער געלעגן געוואָרן? מען האָט אָבער גאָרנישט דערקענט אין איר. זי טראָגט קיין מאָל נישט הויך. אפשר איז דאָס אַ מאַפּלונג?

— אָבער זאָגט מיר, אַברהמטשע, ווי אַזוי הייסט דער דאָקטער?

— דאָקטער גענראָך הייסט ער — ענטפערט אַברהמטשע.

ביידע פרויען בלייבן שטיין פאַרקלערט, קוקן איינע צו דער צווייטער און הייבן מיט די אַקסלען; דאָקטער הערנאָך? נישט געהערט פון אַזאַ דאָקטער אין כעלעם. אפשר האָט מען אים אַראָפּ געבערענגט פון לובלין?

— נישט קיין הערנער און נישט קיין דערנער, נאָר גענראָך הייסט ער, דאָקטער גענראָך, און נישט געבערענגט פון לובלין, נאָר ער האָט זיך איצט באַזעצט ביי אונדז אין כעלעם. ער איז שוין אונדזערס — אַ כעלעמער דאָקטער!

— אַ וואָס פאַר אַ דאָקטער איז ער דאָס — אַ ייִדישער אָדער אַ פּוילישער?

— דער דאָקטער גענראָך איז נישט קיין ייִד, נאָר אַ משומד, אַ משומד איז ער.

— אַ דאָקטער אַ משומד האָט זעליק גערופן צו זיין שיינטשעס קימפּעט? פּע, דאָס געפעלט מיר נישט.

— נישט צו שיינטשען האָט ער גערופן דעם דאָקטער, נאָר צו די קינדער, אַלע דריי קינדער זענען עפּעס נישט געזונט.

— וואָס איז די קינדער, אויף וואָס זענען זיי קראַנק געוואָרן?

— וויפל נאָך קלאָץ־קשיות האָט איר מיך אויסצופרעגן? — האָט אַברהמטשע זיך געבייזערט — קינדער ווי קינדער: זיי האָבן זיך צעקלאַפּט ביי דער סטעלמע. האָב איך שוין אַלץ דערציילט?

אויף איצט וועט איר שוין האָבן גענוג! — ביי די לעצטע ווערטער האָט זיך אַברהמטשע אויסגעדרייט פון די פרויען און זיי זענען אַוועקגעגאַנגען באַליידיקט.

— טאָמער קאָנסטו וויסן, ווי אין גרויסן דער דראָזשקאַזש שטייט! ס׳פּאַסט אים נישט צו ענטפערן...

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס מיט אַ טאָג פריִער, ווען זעליק מיט שיינטשען זענען געווען אויף אַ ברית ביי טעוולען. זיי זענען פון דאָרט אַהיימגעגאַנגען צופרידן און געמיטלעך געשמועסט אויפן וועג.

— טעוול האָט זיך זייער גוט באַצויגן צו אונדז — זאָגט זעליק צו שיינטשען — איך האָב זיך געוואָלט געזעגענען און אַהיימגיין, האָט ער מיך געהייסן צוואַרטן אַ ביסל. דערנאָך האָט ער מיך צו־גערופן און אָפּגעשניטן דריי גרויסע שטיקלעך לעקעך און אויס־געראָכנט:

— נעם אַהיים פאַר די קינדער פּסחדיקן לעקעך פון ברית! פאַר גרשונען, פאַר מעכלען און ברכהן.

— איך האָב געזען — ענטפערט שיינטשע — ווי זי, די טעַ־וועליכע, האָט אים צוגערופן צום בעט און אויסגערעכנט גענוי פאַר וועמען ער זאָל מיטגעבן. ער אַליין וואָלט זיך אויף דעם נישט געכאַפּט...

— זי איז אויך נישט אַזאַ גוטינקע, סיי ווי איז מער געבליבן אויפן טיש, וויפל מען האָט אויפגעגעסן, זיי האָבן דאָך, קיין עין־הרע, אַזוי פיל אָנגעגרייט, אַ פולן טיש מיט כיבוד!

— ווען דער ברית וואָלט אויסגעקומען אין אַ וואָכנטאָג, נישט חול־המועד פּסח, וואָלט דאָס גאָרנישט געווען אַזוי פיל — טענהט שיינטשע — נאָר נישט יעדערער עסט אַלץ ביי יענעם אין די טעג פון פּסח, נישט יעדער עסט געבראָקטס, דעריבער איז אַזוי פיל געבליבן...

— דאָס איז אמת — באַשטעטיקט זעליק — אַ סימן, אַז דער פּסחדיקער שפּירט און די האַרטע אייער זענען טאַקע באַלד אַראָפּ־

גערוימט געוואָרן פון טיש דורך די חסידים, אָבער דער לעקעך און די כרעמזלעך זענען מער געבליבן אויפן טיש, וויפל מ'האָט אויפגעגעסן...

אַזוי איז דאָס פּאָרפּאָלק אַהיימגעגאַנגען צופרידן פון דעם חול־המועד־פּסחדיקן ברית ביי טעוולען און האָבן געמיטלעך געשמועסט. אָבער פּלוצלינג האָט שיינטשע דערזען פון דער וויטנס אָנקומען זייער עלטסט ייִנגל.

— גרשון לויפט אין איין אָטעם! — האָט שיינטשע געגעבן אַ קרעכץ — ווער ווייסט וואָס ס'איז געשען אין שטוב?

ווען גרשון איז שוין געווען נאָענט, האָט ער אַ צעפּלאַמטער אויסגעשריגן:

— מעכל האָט חמצדיק געמאַכט די מצות!

— חמצדיק געמאַכט די מצות? — פרעגט אים שיינטשע — ווי אַזוי, מיט וואָס האָט ער דאָס חמצדיק געמאַכט די מצות? — שיינטשע הייבט אָן שנעל צו גיין אַהיים. אויך זעליק גייט שוין האַסטיק.

גרשון דערציילט דערווייל, אַזוי לויפנדיק אין איין אָטעם מיט די עלטערן:

— מעכל האָט אומגעדרייט די סטעלמע און אויסגעשיט די מצות אויף דער פּאָדלאָגע! אַ פולע סטעלמע מיט מצות האָט ער חמצדיק געמאַכט!

אַז שיינטשע האָט געהערט וואָס איר עלטסט ייִנגל האָט דער־ציילט, האָט זי אָנגעהויבן נאָך שנעלער צו גיין און זעליק מיט גרשונען זענען איר נאָכגעלאָפן. אָבער ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע „חתונה". די ייִנגערע קינדער, מעכל און ברכהלע, זענען געלעגן און געוויינט, און ווען זיי האָבן דערזען די עלטערן אַריינקומען, איז זייער געוויין געוואָרן נאָך גרעסער. אויך שיינטשע איז אַרויס מיט ביטערע קרעכצן. אַלע צוזאַמען האָבן געוויינט, געקרעכצט און געשריגן. איינער האָט

געוואָלט איבערשרייען דעם צווייטן. זאָגט שיינטשע:

— ווי איז מיר, זעליק! זע נאָר, די קינדער זענען דאָך עפּעס צעקלאַפּט, זע נאָר, זע!

— וואָס איז דאָ געשען? — פרעגט זעליק גרשונען און ווייזט מיט אַ פינגער אויף דער סטעלמע, וואָס ליגט אין דערמיט שטוב אויסגעצויגן אַזוי ווי אַ בר־מנן. אויך דער וואַליק ליגט אויסגעצויגן ביי דער זייט, און צעשטויסענע מצות־שטיקלעך זענען אויסגעשיט אויף דער פּאָדלאָגע.

גרשון וויל אָבער מיט זיין געשריי פאַרטויבן די קינדערס געוויין און זיך פאַרענטפערן, זיך ריינוואַשן, ווייזט ער אָן אויף זיין יינגערן ברודער:

— ער, ער, מעכל האָט אומגעדרייט די סטעלמע און אויס־געשיט אַלע מצות אויף דער פּאָדלאָגע, איך האָב שוין באַלד געהאַט צעשטויסן די מצות, האָט ער זיי חמצדיק געמאַכט, אַ פולע סטעלמע מיט מצות האָט ער חמצדיק געמאַכט, ער...

— זע נאָר, זעליק! קום נאָר אַהער! — רופט שיינטשע איר מאַן — די קליינע איז דאָך אין גאַנצן „סקאַלעטשעט", ווי איז מיר, דער שטערן ביים אויג! ברכהלע, וואָס איז דיר? וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?

— נישט פון דער סטעלמע — פאַרענטפערט זיך גרשון — נאָר פון „וואַליק", דער וואַליק איז אַרויסגעפאַלן פון דער סטעלמע און געגעבן איר אַ „ראַץ", איך בין גאָרנישט שולדיק, ער, ער...

צו מאָרגנס האָט שיינטשע צוגערופן זעליקן צו די קינדער:

— זע נאָר, זעליק, די קינדער פאַלן מיר עפּעס אַוועק פון די הענט. זיי האָבן נישט קיין אַפּעטיט. איך האָב מורא, אַז זיי האָבן היץ, דו ביסט אַ מבין?

— ס'איז חלילה גאָרנישט — ענטפערט זעליק — זיי זענען נאָך אַוודאי איבערגעשראָקן פון דער נעכטיקער „חתונה" מיט דער סטעלמע. נאָר גאָרנישט, אַז דו ווילסט, וועל איך גיין רופן אַ רופא צו די קינדער.

זעליק איז גלייך אַוועק באַשטעלן אַ רופא. ער איז אויסגעגאַנגען האַלב כּעלעם, לסוף האָט ער געטראָפן אַ דאָקטער, וואָס האָט מסכּים געווען צו קומען אין אַ שעה אַרום.

— אַליין ביסטו געקומען? האָסט נישט באַשטעלט אַ רופא צו די קינדער? — האָט שיינטשע אים געפרעגט, ווען ער איז געקומען.

— איך האָב באַשטעלט אַ דאָקטער. באַלד וועט ער קומען צו פאָרן, דער דאָקטער געגנראָך.

— דעם דאָקטער געגנראָך גאָר האָסטו באַשטעלט? מען זאָגט דאָך, אַז ער איז אַ משומד.

זעליק איז שוין געוואָרן אין כּעס:

— ווּעמען ווילסטו זאָל איך דיר ברענגען? אפשר אַראָפּברענגען אַ מלאך פון הימל? ס׳איז דען דאָ אין כעלעם דאָקטוירים זיך אויסצוקלייבן? אפשר אַריינפאָרן קיין לובלין און אויסקלייבן אַ דאָקטער?

דער דאָקטער געגנראָך איז געקומען און האָט באַטראַכט די קינדער.

— ביי וואָס האָבן זיי זיך צעקלאַפּט? — פרעגט ער.

— ביי דער סטעלמע — ענטפערט שיינטשע.

— סטעלמע? וואָס איז דאָס אַזוינס אַ סטעלמע? דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן הער איך אַזאַ וואָרט. דאָס איז זיכער אַזאַ זאַך, וואָס נאָר ייִדן נוצן דאָס, אמת?

— אמת, דאָקטער. סטעלמע איז ביי ייִדן אַ פּסחדיקע סטעלמע פון האָלץ געמאַכט — דערקלערט אים זעליק.

דעם דאָקטער געגנראָך איז געוואָרן אינטערעסאַנט צו וויסן וואָס מיינט דאָס אַזוינס „אַ פּסחדיקע סטעלמע פון האָלץ געמאַכט״. נאָך מער ווי צו דערגיין די קינדערס קראַנקייט, האָט ער איצט געוואָלט וויסן דעם באַדייט פון דעם אויסטערלישן וואָרט — „סטעלמע״.

— קום! — זאָגט שיינטשע צו זעליקן — קום, לאָמיר אַריינעמען די סטעלמע און וויַיזן דעם דאָקטער.

— פראַשען באַרדזאַ! — איז מיט צופרידנקייט מסכים דער דאָקטער געגראַך.

אין קיך זאָגט שיינטשע צו זעליקן:

— זעסט, וואָס פאַר אַ דאָקטער האָסט מיר געבראַכט צו די קינדער? — אַ משומד! ער איז דאָך נאָך ערגער פון אַ גוי, אַפּילו די גויִים ווייסן דאָך וואָס דאָס איז אַזוינס ביי ייִדן אַ סטעלמע.

זעליק האָט אַריינגעטראָגן פון קיך די סטעלמע און שיינטשע דעם וואַליק. דער דאָקטער באַטראַכט דעם הויכן הילצערנעם בעכער מיט דעם נאָך העכערן וואַליק. ער קוקט אַריין אין דעם טיפן בעכער און ער פרעגט:

— צו וואָס נוצט איר דאָס?

— צו צעשטויסן די מצות.

דער דאָקטער האָט אָבער געוואָלט באַקענען זיך מיט אַלע פּרטים.

— צו וואָס דאַרפט איר דען צעשטויסן די מצות, און אַזוי צו עסן זענען זיי דען נישט גוט? — וויל ער וויסן.

— דאָקטער! טרוקענע מצות קאָן מען דאָך נישט עסן אַ גאַנצן יום־טוב. מען מוז דאָך מאַכן באָבעלעך, קניידלעך, אַ מצה־ברייי, מצה־פערפעלעך מיט קאַרטאָפל. ס׳איז דאָך עפּעס אַכט טאָג פּסח!

— און דאָס אַלץ מאַכט איר מיט דער סטעלמע? — פרעגט דער דאָקטער מיט גרויס געלעכטער.

— מיט אייער און מיט שמאַלץ. מען דאַרף פּרעגלען, קאָכן, שמעלצן — וויצלט זיך אויך שיינטשע — ווען דער דאָקטער וואָלט געוואָלט פאַרזוכן דעם טעם! ס׳איז דאָך אַזוי גוט, טעם גן־עדן ממש!

— אָבער די סטעלמע! וואָס מאַכט איר מיט דער סטעלמע? ווי אַזוי שטויסט איר די מצות מיט דעם גרויסן האָלץ־בעכער?

— אָט ווייזן מיר שוין דעם דאָקטער ווי אַזוי מען מאַכט דאָס.

שיינטשע איז געלאָפן ברענגען עטלעכע מצות און זעליק האָט אַריינגעברענגט ביידע זיפּן. זיצט דער דאָקטער געגראַך געדולדיק און קוקט זיך צו מיט גרויס אינטערעס, ווי אַזוי ייִדן שטעלן זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום שוועריקייטן, אַבי זיך אויסצוהיטן פון

מאכל חמץ; ער זעט דאָס צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן. ער שטוינט ממש ווי שנעל זעליק שטויסט מיטן וואַליק אין די מצות. שיינטשע ברענגט דערווייל עטלעכע קלאָר־ווייסע ליילעכער, אויסגעקאָכט לכבוד פסח, זי שפּרייט זיי אויס אויפן טיש, אויף די בענקלעך. אַז זעליק האָט שוין צעשטויסן די מצות, שיט ער איבער פון דער סטעלמע די צעשטויסענע מצות אין דער געדיכטער זיפּ אַריין. איבער דעם ווייסן געוואַנט זיפּט ער אויס דאָס מצה־מעל, דערנאָך שיט ער איבער פון דער געדיכטער זיפּ אין דער צווייטער זיפּ אַריין, וואָס איז זייער אַ שיטערע און זיפּט דאָס איבער אין אַ צווייטן בלאָ־ווייסן ליילעך. דער דאָקטער געניראָך קוקט זיך צו, קוקט און שווייגט. אַז זעליק האָט פאַרענדיקט דאָס שטויסן און זיפּן די מצות, דערקלערט שיינטשע דעם דאָקטער געענוי די גאַנצע זאַך, זי ווייזט אים אָן אויף די באַזונדערע איבערגעזיפּטע סאָרטן:

— דער דאָקטער זעט? דאָ איז פאַראַן דריי סאָרטן. דאָס איז מצה־מעל; פון דעם מאַך איך קניידלעך, כרעמזלעך. דער צווייטער סאָרט, אָט די קליינע שטיקעלעך מצות, וואָס האָבן זיך נישט צע־שטויסן אויף מעל — דאָס איז ביי אונדז מצה־פאַרפעלעך פאַר די קינדער, צו קאָכן מיט מילך אָדער צוצושיטן אין דער קאַרטאָפל־גריץ. דער דריטער סאָרט, די גרעסערע שטיקלעך מצות, איז אויף מצה־ברייען און אַזוי צום עסן.

— נו לאָמיר רעדן צו דער זאַך — זאָגט דער דאָקטער געניראָך — איך ווייס שוין אַלץ וועגן דער סטעלמע, אָבער ענטפערט מיר, אַז מען צעשטויסט מיט דער סטעלמע די מצות, דאַרף מען אויך שטויסן אין די קינדער? וואָס איז דאָ פאָרגעקומען ביי אייך?

זעליק מיט שיינטשען זענען אַ מינוט געווען אין פאַרלעגנהייט. שיינטשע הייבט אָן זיך פאַרענטפערן און זי ווישט זיך שוין די אויגן:

— איך האָב נישט געוואָלט אַוועקגיין פון שטוב און איבער־לאָזן די קינדער אַליין. דער טייוול האָט מיר אָנגעטראָגן, אַז איך זאָל אים פאָלגן און מיטגיין מיט אים צו זיין קוזינס ברית. דער דאָקטער ווייסט דאָך, אַז ס'איז היינט ביי אונדז חול־המועד פסח,

זענען אונדזערע יינגלעך נישט געגאַנגען אין חדר אַריין, זענען זיי געבליבן אַליין אין שטוב, האָבן זיי אָנגעמאַכט יענע „חתונה".

זעליק פאַרענטפערט זיך אויך: מיין קוזין, טעוול הייסט ער, ער קומט שטענדיק צו אונדז אויף אַ ברית, טאָ האָבן מיר נישט באַדאַרפן גיין צו אים, אַז ער האָט געמאַכט אַ ברית? איך האָב זי נישט געצוווּנגען, אַז זי זאָל מיטגיין מיט מיר און איבערלאָזן די קינדער אַליין. ווען זי וואָלט דורכויס נישט געוואָלט, וואָלט זי נישט געדאַרפט איבערלאָזן די קינדער אַליין.

דער דאָקטער גענראָך האָט אָבער שוין געוואָלט פאַרענדיקן דעם וויזיט, האָט ער מיט אַ בייזער זיך אָנגערופן:

— וואָס דערציילט איר מיר פון אייערע היימישע געשעפטן? זאָגט מיר בעסער, ווי אַזוי די קינדער זענען צעקאַליעטשעט גע־וואָרן פון אייער סטעלמע?

— דאָקטער לעבן! איר ווייסט דאָך, אַז קינדער זענען ווי קינדער — ווישט זיך שיינטשע ווידער די אויגן — זיי האָבן זיך געמאַכט אַ שפּילעכל מיט דער סטעלמע. זיי האָבן גענומען אַליין שטויסן די מצות, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז זיי האָבן זיך צעקריגט, אומגעוואָרפן די סטעלמע, אויסגעשיט די מצות און זיך צעקלאַפּט.

נאָך דעם, ווי דער דאָקטער געגראָך האָט שוין פעסטגעשטעלט ביי וואָס און ווי אַזוי די קינדער האָבן זיך צעקלאַפּט, נאָך דעם, ווי ער האָט זיי אונטערזוכט, באַטאַפּט, געמאָסטן די היץ, האָט ער פאַרשריבן רעצעפּטן און אַריינגעגאַנגען אין קיך אַריין זיך וואַשן די הענט. דאָרט האָט ער געזען, אַז דאָס פעסל וואַסער איז איבער־געדעקט מיט אַ ווייסן ליינען־טוך. האָט ער געזאָגט צו זעליקן מיט אַ שמייכל:

— אַזוי איז גוט! דאָס געפעלט מיר גראָד זייער שיין. דאָס פעסל וואַסער איז ביי אייך צוגעדעקט ס׳זאָל נישט אַריין קיין שטויב, זייער היגיעניש. אָבער זאָגט מיר, פּאַניע זעליקו, פאַר וואָס איז עפּעס דאָס ווייסע טוך נאַס? ס׳איז אַריינגעפאַלן אין וואַסער אַריין?

— ניין, נישט דאָס ווייסע טוך איז אַריינגעפאַלן אין וואַסער אַריין, נאָר דאָס וואַסער האָט זיך דורכגעזייעט דורך דער פּסחדי־קער טוך.

דאָקטער געגראָך איז געבליבן פאַרווונדערט:

— צו וואָס דאַרפט איר דורכזייען דאָס וואַסער? אויף דעם לייוונט פאַלט דאָך שטויב.

— דער דאָקטער ווייסט דאָך, אַז ביי אונדז ייִדן טאָר מען פּסח נישט עסן קיין חמץ, אַ גאַנץ יאָר דאַרף מען טאַקע נישט דורכזייען דאָס וואַסער, אָבער פּסח איז עפּעס אַנדערש; אַזוי ווי דאָס פּעסל איז ספּעציעל אַ פּסחדיק פּעסל, דעריבער זייעט מען דורך דאָס וואַסער דורך דעם פּסחדיקן ליינען־טוך.

דערהערנדיק די דערציילונג וועגן דעם ספּעציעלן פּסחדיקן פּעסל אויף וואַסער, איז די פאַרווונדערונג ביים דאָקטער געוואָרן נאָך גרעסער. האָט ער זיך אַנידערגעזעצט און ווייטער געפרעגט:

— מיט וואָס איז דאָס פּעסל ספּעציעל פּסחדיק? איך זע דאָך, אַז דאָס איז אַ הילצערן פּעסל אויף וואַסער אַזוי ווי אַלע וואַסער־פּעסלעך.

— אָבער דאָס נוצן מיר נישט אַ גאַנץ יאָר. אויף אַ גאַנץ יאָר האָבן מיר אַ חמצדיק פּעסל אויף וואַסער, דאָס פּסחדיקע פּעסל שטעל איך אַרויף אויפן בוידעם. באַלד נאָך פּסח נעמען מיר צוזאַמען דאָס גאַנצע פּסחדיקע געפעס צוזאַמען מיט דער סטעלמע, מיטן פּסחדיקן פּעסל און איך פאַרפּאַק דאָס אויף אַ גאַנץ יאָר, אויפן בוידעם.

— אָבער גיט מיר צו פאַרשטיין: נאָך וואָס דאַרפט איר דורכ־זייען דאָס וואַסער דורך דער ווייסער נאַסער שמאַטע, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך שטויב? פון וואַנען נעמט איר דען וואַסער?

— וואָס הייסט פון וואַנען? פון טייך! מיר האָבן דאָך נישט ווייט פון אונדז אַ טייך.

— נו? אין דען דאָס וואַסער פון טייך חמצדיק? דאָס איז דאָך

לויטער וואַסער פון דער נאַטור, ציכטיק און זויבער. נאָך וואָס דאַרפט איר דען אַזאַ לויטער וואַסער דורכזייען?

— איר זענט טאַקע גערעכט, דאָקטער. אָבער מיר פירן זיך שוין אַזוי, ווייל דער טייך איז דאָך אָפן. טאָמער איז אַריינגעפאַלן אין דעם אָפענעם וואַסער פון טייך אַ שטיקל חמץ.

ווען דער דאָקטער געגראָך איז אַוועקגעגאַנגען, האָט שיינטשע געזאָגט צו זעליקן, אַז ער זאָל גיין אין אַפטייק אַריין נאָך די פּראָשקעס און זי וועט דערווייל אָפּקאָכן עפּעס צו עסן. אָבער ווען זעליק איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר, האָט זי אים צוריקגערופן:

— ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן? איך האָב מורא, אַז דער משומד האָט חמצדיק געמאַכט דאָס וואַסער פון פעסל.

— יאָ — ענטפערט זעליק — איך מיין אויך, אַז ס׳איז אַ חשש. איך קלער אויך, אַז דאָס וואַסער איז שוין נישט אַזוי גלאַט כשר לפסח.

זעליק זעצט זיך אַנידער, נעמט די באָרד אין האַנט אַריין און זאָגט מיט אַ גמרא־ניגון:

— ערשטנס, האָט ער דאָך געשעפּט דאָס וואַסער מיט דער חמצדיקער שעפּ. די שעפּ איז געשטאַנען אויף דער פּאָדלאָגע אין אַ ווינקל, איז אים פּונקט געפעלן צו וואַשן זיך די הענט מיט דער חמצדיקער שעפּ. צווייטנס, ער האָט זיך געוואַשן די הענט מיט זייף און עטלעכע מאָל געשעפּט דאָס וואַסער און זיך געשווענקט.

— וואָס דאַרף מען אַזוי פיל אַריינקלערן? זאָגט שיינטשע — ס׳איז דאָך קיין מאַיאָנטעק, ס׳איז נישט כדאי צו גיין צו אַ רב פרעגן אַ שאלה. וואָס קאָן שוין זיין? גיס אויס דאָס וואַסער פון פעסל און ברענג אַריין פריש וואַסער פון טייך.

— ביסט גערעכט, שיינטשע. אויב ס׳איז נאָר דאָ אַ חשש פון חמץ, דאַרף מען נישט ריזיקירן.

תוך כדי דיבור האָט טאַקע זעליק אויסגעגאָסן דאָס וואַסער פון פעסל און איידער ער איז געגאַנגען ברענגען די פּראָשקעס פאַר

די קינדער, האָט ער געברענגט אַן עמער פריש וואַסער פון טייך און דורכגעזיגן אין פסחדיקן פעסל אַריין.

— איצט האָב איך שוין מנוחה אויפן האַרץ — האָט שיינטשע צו אים געזאָגט, ווען ער איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר גרייט צו גיין אין אַפּטייק אַריין ברענגען די רעצעפּטן.

# גרשון פאַלט אַריין קיין קאָצק

ווען גרשון האָט געענדיקט דאָס לערנען ביי די גמרא־מלמדים, האָט ער אָנגעהויבן יעדן טאָג גיין לערנען אין קאָצקער שטיבל. נייע האַריזאָנטן האָבן זיך פאַר אים געעפנט. דאָס לערנען אין שטיבל איז נישט פון מלמדים דיקטירט, נאָר פרייוויליק, יעדער איינער, אַ וואָסער מסכתא ער וויל, קלויבט ער זיך אויס צו לערנען. אַחוץ דעם פרייען אויסוואַל, ווערט אויך פון צייט צו צייט איבערגעריסן דאָס לערנען און מען פאַרפירט שמועסן צווישן זיך. ספּעציעל האָבן די יונגע לערנער ליב געהאַט צו רעדן מיט די עלטערע חסידים און „נאַשן" פון זיי חסידישע מעשיות און רבישע מופתים. איינער אַן אַלטער קאָצקער חסיד, ר' קלונימוס האָט מען אים גערופן, האָט דערציילט, אַז אין זיינע יונגע יאָרן איז ער נאָך געפאָרן צום ערשטן קאָצקער רבי, ר' מענדעלע זצ"ל. אָט דער אַלטער ר' קלונימוס האָט שטענדיק געהאַט צו דערציילן נסים ונפלאות פון אַמאָליקן קאָצקער „הויף". ווי נאָר דער אַלטיטשקער איז אַריינגעקומען אין שטיבל אַריין, האָבן אים די יונגעלייט אַרומגערינגלט און ער האָט ליב געהאַט פאַר די „שניעקעס" צו דערציילן הרים וגבעות, און אַז גרשון האָט געזען, ווי די שטיבל־בחורים רינגלען אַרום דעם אַלטן קלונימוס, האָט ער אויך שטיל פאַרמאַכט די גמרא, זיך צוגעשאַרט און צוגעלייגט אַן אויער אויסהערן די מופתים פון אַמאָליקן קאָצק.

די וווּנדערלעכע מעשיות וואָס גרשון האָט געהערט גאַנצע טעג דערציילן אין קאָצקער שטיבל, האָט ער ליב איבערדערציילן אין שטוב. אין אָוונט, נאָך דער „וועטשערע", ווען שיינטשע איז שוין אָפּגעפּאָרעט, האָט זי ליב צו זעצן זיך צום טיש און אויסהערן די וווּנדערלעכע מעשיות פון איר גרשונען. גרשון האָט הנאה איבער־

צודערציילן פון דעם אַלטן ר׳ קלונימוס, וואָס האָט נאָך געהאַט די זכיה צו זיין ביים אַלטן קאָצקער ר׳ מענדעלע זצ״ל.

— פון דעם אַלטן בטלן ר׳ קלונימוס דערציילסטו? — פרעגט אים איבער זעליק.

— ביי דיר איז יעדער קאָצקער חסיד אַ בטלן — ענטפערט אים שיינטשע — איך זע גאָרנישט דיין בריהשקייט, אַז דו ביסט נישט קיין קאָצקער חסיד.

און גרשון דערציילט:

— זיבעציק זיידענע יופּיצעס האָט ער אַליין דאָרט געזען ווען ער איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין קאָצק.

— וואָס הייסט דאָס „זיידענע יופּיצעס״? — פרעגט אים איבער שיינטשע.

און גרשון דערקלערט:

— זיבעציק זיידענע יופּיצעס מיינט מען: זיבעציק תלמידים, וואָס זענען געזעסן ביים ערשטן קאָצקער זצ״ל יומם ולילה און געלערנט תורה; זיי זענען נאָך זיין פּטירה אַליין געוואָרן רביים, זיי האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער יידישע שטעט און שטעטלעך און ממשיך געווען די דרכים פון קאָצק.

דאָס לערנען אין קאָצקער שטיבל האָט ביסלעכווייז אָנגעשטעקט גרשונען מיט קאָצקער חסידות. ער איז אַליין אויך געוואָרן אַ קאָצקער חסיד; צו ערשט איז דאָס געווען ביי אים בלויז אין דער מחשבה און דערנאָך האָט ער געשטרעבט ווי אַלע חסידים, צו פאָרן אַ מאָל צום רבין קיין קאָצק.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז זיין פעטער מענדל, אַ קאָצקער חסיד, האָט באַשלאָסן אויף שבת ראש חודש צו פאָרן צום רבין קיין קאָצק. זינט גרשון האָט זיך פון דעם דערוווּסט, איז אַריין אין אים אַ חשק מיטצופאָרן מיט זיין פעטער. ווען ער איז אַהיימגעקומען פון שטיבל, האָט ער דערציילט, אַז ער וויל מיטפאָרן מיטן פעטער מענדל צום רבין קיין קאָצק.

פאַר זעליקן האָט דאָס אויסגעזען, ווי אַ ווילדער איינפאַל.

— וואָס איז עפּעס אַריין אין דיר אַ „בזשיק״? נאָך וואָס דאַרפסטו שוין פאָרן צום רבין? — פרעגט אים דער פאָטער — פר׳יער דאַרפסטו חתונה האָבן, זיין אַ ייִד אַ באַלעבאָס, נעמען אויף זיך אָן עול פרנסה, דערנאָך וועסטו שוין דערפילן דעם טעם, וואָס דאָס הייסט אַזוינס פאָרן מיט אַ „קוויטל״ צום רבין! דיין פעטער מענדל פאָרט דען קיין קאָצק לשם תענוגים? דער פעטער מענדל פאָרט אָפּגעבן אַ קוויטל דעם קאָצקער רבי שליט״א, נישט פאַר נחת. ס׳איז דאָך שוין אַ האַלב יאָר צייט, אַז ער איז, לא עלינו, געבליבן אַן אלמן מיט צוויי קינדער, און ער זיצט נעבעך אָן פרנסה. וואָס דאַרפסטו זיך גלייכן צו אים?

נאָך מער ווי זעליק האָט אויך שיינטשע געשטרעבט חתונה צו מאַכן איר עלטסטן זון, טאָג און נאַכט איז איר דאָס געלעגן אויפן האַרץ. ביי יעדער געלעגנהייט, ווען זי האָט גערעדט מיט מענטשן, האָט זי אין זינען געהאַט און איבערגעפרעגט וועגן אַ שידוך פאַר איר גרשונען. אָבער אין כעלעם גופא האָט זי נישט אויסגעפונען עפּעס אַ פּאַסנדיקן שידוך. זי איז שוין אַרומגעגאַנגען פאַרזאָרגט: עפּעס אַ קלייניקייט? ער איז שוין אַ בחור פון 16 יאָר קיין ע״ה, און שיין און קלוג, און פול מיט תורה און ייִדישן חן, און ער איז נאָך אַליין. דאָס איז נישט פאַר גאָט און נישט פאַר לייט. אָבער ווען גרשון איז געקומען פון שטיבל און האָט איבערגערעדט, אַז ער וויל מיטפאָרן מיט איר ברודער מענדל צום רבין קיין קאָצק, האָט שיינטשע אַנדערש פאַרשטאַנען די זאַך ווי איר מאַן.

— וואָס מישסטו אויס קאַשע מיט באָרשטש? — האָט שיינטשע זיך אָנגערופן צו זעליקן — ווו קומען די ריבן אין דעם זאַק אַריין? אַ חסידישער בחור פאַר דער חתונה טאָר נישט פאָרן צום רבין? איך פאַרשטיי דיך נישט, זעליק. דו רעדסט דאָך אין גאַנצן נישט צו דער זאַך!

— איך פאַרשטיי דיך אויך נישט — ענטפערט זעליק — ס׳וואָלט געפּאַסט, אַז זאָלסט האָבן אַ פאַרזעסענע מויד, חלילה, פון 16 יאָר, מיט אַ גרויסן נדן אָנגעגרייט, און ס׳פעלט דיר נאָר דעם רבינס ברכות

פאַר אַ זיווג. וואָס איילסטו זיך אַזוי, וואָס איז דאָס געיעג, וואָס גייט עס דיר אַזוי אין לעבן, אַז ער זאָל שוין פאָרן קיין קאָצק?

— און דו, צעלייגער מיינער, אַז דו פאָרסט נישט קיין קאָצק, פאָרסטו אויף די דאַנציקער ירידים און מאַכסט מיך רייך?

פאַרשטייט זיך, אַז פון דער אַמפּערניש צווישן מאַן און פרוי האָט, ווי דער שטייגער איז, זי אויסגעפירט. שיינטשע האָט געקויפט פאַר גרשונען אַ ניי זיידן קאַשקעטל, געגעבן אים צידה לדרך מיט אַ פּאָר גילדן אין קעשענע אַריין — און זאָל ער פאָרן מיט איר ברודער אויף שבת ראש חודש צום רבין קיין קאָצק.

פרייטיק ביי טאָג, ווען זיי זענען אָנגעקומען קיין קאָצק, באַלד ווי זיי זענען אַראָפּ פון דער פור, איז מענדל קודם אַריינגעגאַנגען צו זיין גוטן פריינד איבערלאָזן די מטלטלים, וואָס מען טאָר נישט טראָגן אום שבת.

— ווער איז דאָס יינגל? — פרעגט אייזיק טענענבוים מענדלען.

— ער איז מיין שוועסטערס זון — ענטפערט אים מענדל.

— איז ער שוין אויך אַ קאָצקער חסיד? — פרעגט אייזיק טענענבוים אין שפּאַס; דערביי באַטראַכט ער דאָס „יינגל" פון אויבן ביז אַראָפּ. אויך חנה, אייזיקס ווייב, האָט אין מיטן אַריינרוקן דאָס טשאָלנט אין אויוון אַריין, זיך אויסגעדרייט און באַטראַכט דעם יונגן גאַסט, וואָס איז געקומען מיט מענדלען. דאַקעגן זייער טאָכטער, אַזוי ווי זי האָט אים דערזען אויסגעפוצט אין זיידנס, האָט זי זיך פאַררויטלט און אַוועקגעדרייט.

— נחמהלע! דערלאַנג מיר דאָס פליישיקע האַנטעך — האָט חנה געזאָגט צו דער טאָכטער.

זיגט נחמהלע איז אונטערגעוואַקסן, האָט איר די מוטער גערופן חומה, אָבער איצט, אין קעגנוואַרט פון דעם יינגל, פּיעשטשעט איר די מוטער מיט דעם קינדערשן נאָמען — נחמהלע. האָט נחמהלע שנעל צוגעטראָגן צו דער מוטער ביים באַקאויוון דאָס פליישיקע האַנטעך, דערביי האָט זי נאָך אַ מאָל אויפן וועג געכאַפּט אַ בליק

אויף אים, דעם יונגן קאָצקער חסיד, איז איר נאָך מער פאַרפלאָמט געוואָרן דאָס פּנים, איז זי שוין אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

אויך גרשון האָט נישט געקוקט צו איר. ווען ער האָט זי געזען דאָס ערשטע מאָל — בלויז זייטיק, ווי „נישט דאָס בין איך אויסן״ — האָט ער געזען, ווי זי דרייט זיך אַוועק, ווי אַזוי זי לויפט אַרויס פון שטוב מיט אַ פאַרפלאָמט פּנים. אָבער מיט אַלע אירע תנועות האָט זי אים אַזוי ווי מיט אַ כישוף רחמנא לצלן אָנגעשטעקט. זי איז אים כסדר געשטאַנען פאַר די אויגן — ווען ער איז געגאַנגען אין רבינס בית־מדרש אַריין, ווען ער האָט דערלאַנגט דעם קאָצקער רבין ר׳ דודל די האַנט צו שלום, און אויך ווען ער איז געזעסן ביים רבינס טיש און געהערט די תורה פון רבינס מויל, האָט ער אַלץ נישט געקענט פאַרטרייבן פון זיינע אויגן איר פאַרפלאָמט רונד פּנים מיט די צוויי צעפּלעך.

# תורה און סחורה

ווען מענדל מיט גרשונען זענען געקומען צו פֿאָרן פֿון קאָצק, האָבן זיי געהאַט אַ סך צו דערציילן, נישט אַזוי פֿיל פֿון קאָצקער רבין און פֿון קאָצקער הויף, ווי פֿון דער אויפֿנאַמע ביי אייזיק טענענבוים. גרשון האָט דערציילט, ווי אַזוי אייזיק טענענבוים האָט אים אויסגעפֿרעגט און פֿאַרהערט דאָס לערנען.

— ער האָט מיך גענומען אויפֿן „צימבל" — דערציילט גרשון מיט צופֿרידנקייט — ער האָט מיך אויסגעפֿרעגט, וועלכע מסכתות איך האָב געלערנט, און וואָס זאָגן די מפֿרשים פֿון די משנות און גמרות. ער האָט געמיינט, אַז ער וועט לערנען מיט אַ חדר־יינגל „בלק", אָבער איך בין נישט אַדורכגעפֿאַלן. איך האָב אים אויף אַלע קשיות געענטפֿערט צו דער זאַך, איז ער לסוף געבליבן זיצן און האָט שוין גאָרנישט געהאַט „וואָס צו פֿאַרקויפֿן".

צו מאָרגנס, ווען גרשון איז שוין געווען אַוועקגעגאַנגען לערנען אין שטיבל אַריין, איז מענדל געקומען צו גיין און האָט געשילדערט ווי שיין גרשון האָט דאָרט אויסגעזען, ווי ער האָט „אויסגענומען" ביי זיי:

— פֿרייטיק ביי טאָג ווי איך בין נאָר מיט אים אַריינגעקומען און זיי האָבן אים דערזען, מיט דער זיידענער קאַפּאָטע און מיטן סאַמעטענעם היטל, זענען זיי באַלד זאַכוויטשעט געוואָרן פֿון אים. און שבת, ווען אייזיק האָט אים פֿאַרהערט און ער האָט אויף אַלץ געענטפֿערט, איז חנה געזעסן פֿון דער ווייטנס און האָט קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט פֿון אים. און דאָס מיידל זייערס איז אַזוי צערודערט געווען, אַז זי האָט זיך פֿאַררויטלט און זי איז אַרויס־געלאָפֿן פֿון שטוב.

נאָך אָט דער שילדערונג האָט מענדל זיך צוגעבויגן צו שיינטשען און זעליקן און זיי איינגערוימט בסוד:

— ווען מיר האָבן זיך געזעגנט און אַוועקגעגאַנגען פון דאָרט, איז אייזיק טענענבוים אַרויס אויף דער גאַס און מיך צוריקגערופן פון וועג: „חנה וויל מיט דיר עפּעס איבערשמועסן", האָט ער מיר געזאָגט אין אויער אַריין. איך בין, פאַרשטייט זיך באַלד צוריק־געגאַנגען, אָבער נאָך איידער זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן מיט מיר, האָב איך שוין געפילט אין וואָס ס'גייט זיי. בקיצור הדבר, זיי האָבן מיר געגעבן אָנצוהערן וועגן אַ שידוך.

יענע נאַכט האָט שיינטשע אַ גאַנצע נאַכט נישט געקענט קיין אויג צוטאָן; די ווערטער פון איר ברודער, אַז מען האָט אים געגעבן אָנצוהערן וועגן זיך משדך זיין, האָבן איר נישט געלאָזט שלאָפן. קאַצק! דאָס בלויזע וואָרט „קאָצק" האָט געגלאַנצט אין אירע פאַנ־טאַזיעס, דער חסידישער פלאַם — דאָס אַליין איז דאָך אַ גרויסע זאַך. פון דער צווייטער זייט, האָבן פאַרדאַכטן און צווייפלען זיך אַריינגעגנבעט אין איר האַרץ אַריין. ערשטנס, איז זי נישט געווען זיכער וועגן איר אַליין — וועגן דעם מיידל, וואָס האָט זיך אַזוי פאַרשעמט און איז גלייך אַרויסגעלאָפן פון שטוב. צי איז זי נישט אַ מאָל מיט אַ מום? ס'קען דאָך מעגלעך זיין, אַז זי האָט עפּעס אַ חסרון. זי איז דאָך שוין נישט קיין קינד, שוין אַ בתולה וואָס איז 15 יאָר אַלט, איז זי דאָך שוין אַוודאי ראויה לחופה, איז פאַר וואָס האָט זי געמאַכט אַזעלכע פוילע שטיק, וואָס פּאַסן פאַר אַ קליין מיידעלע?

די צווייטע זאַך, וואָס האָט שיינטשען נישט געגעבן קיין מנוחה, איז אויך געווען אַ רעטעניש: אויב זיי האָבן געגעבן „אָנצוהערן" וועגן זיך משדך זיין, פאַר וואָס האָבן זיי באַלד נישט געזאָגט וויפל זיי זענען גרייט צו סילוקן נדן?

צו מאָרגנס האָט שיינטשע איבערגערעדט מיט זעליקן און זיי האָבן באַשלאָסן צו פאָרן קיין קאָצק. אָפּגערעדט האָט מען צו פאָרן צום קאָצקער רבין מיט אַ קוויטל פאַר פּרנסה, הצלחה און נחת פון

די קינדער. דאָס איז אָבער געווען בלויז דער אויסרייד, אַן אָנשטעל. דער עיקר כוונה איז אָריינצוגיין צו אייזיק טענענבוים אין שטוב אַריין און שמועסן וועגן דעם „אָנצוהערעניש" און צו דערגיין אַ טאָלק וועגן די אַלע חשדים און חששות. שיינטשע איז געגאַנגען צו איר ברודער, צו מענדלען, און אים איבערגעגעבן וועגן זייער באַשלוס, און מענדל האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו אייזיק טענענבוים, אַז איה"ש די אַנדערע וואָך וועלן זיין שוועסטער מיטן שוואָגער פאָרן צום רבין קיין קאָצק, וועלן זיי מסתמא אויך זיך אַריינכאַפּן אויף אַ קורצע צייט צו אים, איבערצושמועסן וועגן דעם ענין, וואָס ער האָט אים געגעבן אָנצוהערן.

דערהאַלטנדיק דעם בריוו פון כעלעם, האָט חנה צוגערוימט די שטוב, צוגעגרייט אַ שיינע אויפנאַמע פאַר די כעלעמער מחותנים, זי האָט אויך באַשטעלט צוויי יונג־פאַרהייראַטע שכנטעס, מיט שייטלען אויף די קעפּ, אַז זיי זאָלן בשעת מעשה זיצן פון ביידע זייטן מיט דער כלה, אַז זי זאָל זיך נישט פאַרשעמען און אַרויס־לויפן פון שטוב. אויך האָבן זיי פאַרבעטן געסט פון דער משפחה און שכנים. אַריינגעקומען צו אייזיק טענענבוים אין שטוב, האָבן שיינטשע און זעליק באַלד זיך געפילט אין אַ גוטער באַנעמונג; שיינטשע האָט פריינדלעך גערעדט מיט דער קאָצקער מחותנתטע און אויך מיט דער כלה אַליין. זעליק האָט געשמועסט מיט אייזיק טענענבוים וועגן תורה־זאַכן, וועגן חסידות, אַזוי לאַנג — ביז מען איז אַרויפגעקומען צו רעדן וועגן דעם ענין גופא. נאָך די אַלע שמועסן, ווען מען איז דערגאַנגען צו אַ טאָלק וועגן דער סומע וואָס די קאָצקער מחותנים זענען גרייט צו סילוקן, איז געוואָרן אַן אויפ־לעבונג ביים טיש.

די פאַרבעטענע געסט האָבן אויך צוגעגעבן קוראַזש, האָט מען אָנגעגאָסן די גלעזלעך, געטרונקען לחיים און זיך געווונטשן מזל טוב. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט איז דער שידוך געשלאָסן געוואָרן אויפן אָרט; דערווייל טאַקע — בלויז מיט אַ „וואָרט".

# אַ חיסרון

נאָך דער חתונה פון גרשונען מיט נחמהן האָט זיך דאָס פּאָרפֿאָלק געלעבט שטיל און באַשיידן. צו דער ריכטיקער צייט איז נחמה געלעגן געוואָרן, געהאַט אַ ייִנגעלע און דער ברית איז פֿאָרגעקומען כדת משה וישראל. די שטיל־געבענטשטע ליבע האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער פרום־צניעותדיקער געצוימטקייט און האָט געאַנקערט אין דער פרייד פון זייער בשותפותדיקן ייִנגעלע מענדעלע — אַזוי האָבן זיי אים אַ נאָמען געגעבן. די עלטערן פון ביידע צדדים, סיי פון קאָצק און סיי פון כעלעם, האָבן געהאַט פון זיי נחת.

געוווינט האָט גרשון מיט זיין משפחה אין כעלעם, לעבן די עלטערן. קיינער האָט אַפילו נישט געחלומט, אַז עמעצער פון זיי זאָל האָבן עפּעס אַ פיזישן פעלער. אַלע זענען געווען זיכער, אַז גרשון מיט זיין משפחה זענען אין גאַנצן געזונט, בגוף ובנפש.

אָבער פּלוצלינג איז באַוווּסט געוואָרן, אַז גרשון אַליין האָט אַ חיסרון. די ידיעה איז אַראָפּגעפאַלן ווי אַ דונער פון קלאָרן הימל אַראָפּ. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז גרשונס חיסרון איז איינגעוואַקסן אין אים נאָך פון קינדדווייז און אַפילו גאָר פון זיין געבוירן אָן. די גרעסטע אַנטוישונג האָט געהאַט גרשון אַליין. דאָס איז געווען פאַר אים סיי אַ ווייטיק אין האַרץ און סיי אַ שאַנדע אין פּנים. ער האָט זיך געשעמט פאַר זיין נחמהן, פאַר די עלטערן און אַפילו פאַר מענטשן. ער האָט זיך קיין מאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַלע יאָרן נישט געוווּסט און נישט געפילט, אַז ער האָט אַזאַ שטאַרקן חיסרון — ער איז געזונט.

ווער ס׳האָט געזען גרשונען איידער ער איז געשטאַנען צום פּריזיווו, איז געווען זיכער, אַז ער וועט נישט גיין דינען צו „פאַניען",

ווייל ער איז געווען זייער אויסגעמאָגערט, קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס. אויך ווען ער איז שוין געווען אינעווייניק אויף דער קאָמיסיע, ווען די דאָקטוירים האָבן אים געמאָסטן און געוואויגן, געדרייט אין אַלע זייטן, געזוכט ביי אים כל המינים חסרונות: אין די אויגן, לונגען, האַרץ, אים אויסגעטאַפּט אַלע איברים, האָט גרשון נאָך אַלץ געהאָפט, אַז זיי וועלן אים באַפרייען. לסוף האָבן זיי פעסטגעשטעלט, אַז ער איז גאָר געזונט, געזונט! אַזאַ אומגליק, אַזאַ חיסרון!

גרשון איז בייז געווען אויף זיך אַליין, אויף זיין גוטן אַפּעטיט. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן די עטלעכע וואָכן צייט וואָס ער האָט זיך צוגעגרייט און געהונגערט. וואָס נענטער צום פריזיוו, אַלץ מער האָט ער זיך געפייניקט, נישט געגעסן און נישט געשלאָפן, זיך געבראָכן די הענט און פיס. ער האָט זיך אַריינגעלייגט אין דעם קינדערשן בעטעלע, כדי ער זאָל נישט קענען שלאָפן אַפילו נישט איין שעה אין דער נאַכט. אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן.

גרשון האָט גענומען זיין מענדעלען אויפן שויס, ווי ער איז געווינט געווען שטענדיק, בשעת ער האָט זיך אַנידערגעזעצט עסן. אָבער איצט האָבן אים געשטיקט די טרערן פאַר רחמנות, וואָס ער וועט מוזן זיך שיידן מיט זיין קינד, מיט זיין נחמהן, מיט די עלטערן, מיט זיין אייגענער וואַרעמער היים. ווער ווייסט, ווו ער וועט פאַר־שיקט ווערן, פאַרפאַלן ווערן אויף לאַנגע יאָרן. אַזאַ חיסרון האָט געהאַט גרשון, ער איז געווען געזונט, אין גאַנצן געזונט.

# גרשון קעמפט מיט זיך אַליין

פיר יאָר צייט האָט גרשון געטראָגן דעם סאָלדאַטסקע מונדיר ביי „פאָניען״. ער האָט זיך צוגעפּאַסט צום לעבן פון מענערישן קאָלעקטיוו און פון זעלנערישן יאָך; סיי צו דער שפּאַנונג פון זעלנערישן דינסט און אויך צום איינטאָניקן לעבן אין די קאָשאַרן. אָבער דאָס איז געווען בלויז זיין אויסערלעכער לבוש.

צוויי סתירהדיקע שטרענגע דיסציפּלינען האָבן במשך פון די פיר יאָר צייט געשוועבט אויף אים און ער האָט געמוזט געפינען אַ סינטעז פאַר דיביידע קעגנזעצלעכקייטן: פון איין זייט די צוואַנגס־דיסציפּלין פון מיליטער־דינסט און פון דער צווייטער זייט — זיין אייגענע ייִדיש־פּרייוויליקע שטרענגע דיסציפּלין, די דיסציפּלין פון פרומקייט, וואָס ער האָט געירשנט פון דור־דורות, וואָס ער האָט איינגעאָטעמט פון קינדווייז אָן מיט די דינים און מנהגים פון ייִדישע געזעצן און געוווינהייטן.

במשך פון די פיר יאָר איז גרשון געווען צעריסן אין צווייען; זיין לעבן איז געווען אַ דאָפּלט לעבן — צוויי גרשונס. גרשון דער געזונטער סאָלדאַט, וואָס האָט מיט זיינע פיזישע כוחות געדינט אין מיליטער ביי „פאָניען״, און גרשון מיט זיין ייִדישקייט, וואָס איז גע־לייטערט געוואָרן במשך פון אַלע זיינע יאָרן אין כעלעם, אין קאָצק און ווידער אין כעלעם. מיט זיין אייגענער פּערזענלעכער צעריסנקייט האָט ער געמוזט אָנהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט, אַז איין צד זאָל נישט אַריבערשרייטן די גרענעץ און פאַרשלינגען דעם צווייטן צד. דאָס איז געווען אַן אינערלעכער געראַנגל אין דעם גרויסן, רוישיקן סאָלדאַטסקען לעבן. און חוץ דעם וואָס גרשון האָט געפילט דעם עלנט, דעם אינטים־מענטשלעכן עלנט, וואָס יעדער זעלנער פילט

ווען ער איז אַוועקגעריסן פון זיין משפחה־לעבן, ווי אַ טראָפּן אין ים איז ער איינגעשלונגען געוואָרן צווישן דעם גרויסן און פּאַר־שידנפּאַרביקן, פרעמדן מענערשן מענטשן־שטראָם, האָט גרשון אויך דערפילט דעם ייִדישן עלנט; ער האָט געמוזט אָפּהיטן זיין ייִדישע באַזונדערקייט, ווי ער איז דאָס געוווען זינט אַ לעבן איינגעוווינט. באַלד אין דער פרי, ווי נאָר ער האָט אויפגעמאַכט די אויגן, האָט ער אָפּגעגאָסן די נעגל און געזאָגט אַ ייִדיש וואָרט, שטיל אין זיך, קיינער זאָל נישט הערן. ער האָט זיך אויך יעדעס מאָל געוואַשן צום עסן, געזאָגט „שׂאו ידיכם", געמאַכט „המוציא" און געבענטשט נאָכן עסן. ווען ס'איז נאָר מעגלעך געווען, האָט ער אַפילו אויך געלייגט טלית ותפילין.

צום שווערסטן איז פאַר גרשונען געווען אויסצוהיטן זיך פון מאכל־טריפה אין מיליטער. יעדעס מאָל, מיטאָגצייט, האָבן די וואַרעמע ריחות אָנגעפילט די לופט, די דאַמפן פון די געקעכטסן האָבן זיך פאַרהאַלטן אונטערן סופיט, אַזוי ווי רעגנדיקע וואָלקנס נאָך אַ טריקעניש און אויסגעפילט די קאָשאַרן. די געשמאַקע זופּן און פליישן האָבן געררייצט די אַפּעטיטן פון די יונגע זעלנער. אויך גרשונען האָבן די ריחות, וואָס ער האָט איינגעאָטעמט, אויפגערודערט די געדערעם, האָסטיקער געטריבן דאָס בלוט. ער האָט געזען, ווי די זעלנער עסן מיט גרויס אַפּעטיט, ווי זיי זעטיקן זיך מיט צופרידנ־קייט און הנאה. און ער? ער איז דאָך אַ ייִד, אַ פרומער ייִד; גרשון רירט זיך נישט צו די געשמאַקע געקעכטסן.

הונגער פון איין זייט און פּחד פון דער צווייטער זייט, פּחד פאַר דעם בלויזן געדאַנק, אַז ער זאָל זיך נישט נאָכגעבן דער תאווה צו עסן די סאָלדאַטסקע געקעכטסן. צוליב אָט דער שרעק האָט ער זיך באַמיט אין דער מיטאָג־שעה נישט צו זיין אין די קאָשאַרן; ער האָט אויסגעזוכט ערגעץ ווו אַ זייטיק ווינקל, און דאָרט האָט ער געזעטיקט זיין הונגער מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט.

# אשרי יושבי ביתך

די ערשטע צייט, ווען גרשון איז אַוועק דינען ביי „פּאַניען", זענען אַלע אַרומגעגאַנגען מוטלאָז. שיינטשע האָט זיך גאָרנישט געקענט געפינען קיין אָרט. ס'האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז די גאַנצע שטוב איז מיט איין מאָל געוואָרן הויל, דאָס גאַנצע לעבן — זיגלאָז; ביי יעדער מאָלצייט ווען זי האָט צום טיש דערלאַנגט דאָס געקעכטס, האָט זי גערעדט פון גרשונען. זי האָט זיך נישט פאַר־גונען צו נעמען אַ לעפּל אין מויל, אַז זי זאָל אים נישט באַדויערן; — ווער ווייסט, ווו מען האָט אים נעבעך פאַרשיקט, אין וועלכן עק וועלט דאָס „קרימעטשאַטקע"־לאַנד געפינט זיך. ער וואָלט זיך דאָך מחיה געווען מיט אַזאַ ביסל כשר וואַרעם געקעכטס.

אויך גרשונס פרוי, נחמה, איז אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגע־לאָזטע אויגן, ווי פאַרשעמט. זי איז געבליבן אַליין אין שטוב מיט זייער קינד. מיט דעם האָט זיך זיך אויסגעשמועסט. ווען זי האָט עס געגעבן עסן, האָט זי אים אַזוי איינגערעדט און געמאַכט אַפּעטיט:

— עס, מענדעלע, דער טאַטע האָט דאָס אויך ליב...

דאָס יאָריקע קינד קוקט מיט זיינע פולע אָפענע אייגעלעך אויף דער מוטער, גלייך ווי עס וואָלט ביי איר דעם אינהאַלט פון אירע ווערטער געפאָרשט:

— טאַטע ליב? — פרעגט דער קליינער מענדעלע.

— יאָ, זיס קינד, דיין טאַטע האָט דאָס אויך ליב. ער וועט אַהיימקומען וועל איך קאָכן אַ סך, אַ סך! פאַר דיר און פאַרן טאַטן, עס, מענדעלע...

זעליק אָבער האָט געשוויגן. מען האָט געקענט מיינען, אַז גרשונס פאַרשיקונג צו דינען „פּאַניען" גייט אים נישט אָן. אָבער גראָד ער

האָט מער נאָך ווי אַלע אויסגעדריקט זיין באַדויערן און רחמנות צום זון. די ווערטער האָבן זיך געפונען אין די טעגלעכע תפילות. און כאָטש זעליק האָט אַלע יאָרן טאָג־טעגלעך געדאַוונט און געזאָגט די זעלבע ווערטער, האָט ער איצט דערפילט אין זיי גאָר אַן אַנדער טעם, אַ מער קאָנקרעטן אינהאַלט פאַר זיך און פאַר גרשונען. באַלד ביים אָנהייב פון דאַווענען האָט זעליק צוגעמאַכט די אויגן, כדי איינצוזאַפּן אין זיך טיף דעם טייטש פון „מה טובו אהליך יעקב״. נאָך מער האָט זעליק געצויגן די ווערטער „אשרי יושבי ביתך״, ווי ער וואָלט זיך דורכגעשמועסט מיט זיין גרשונען: אשרי יושבי ביתך — קיין בעסערער און שענערער ווונטש פאַר גרשונען עקזיס־טירט גאָר נישט אויף דער וועלט.

בלויז אין ערשטן יאָר פון גרשונס דינען ביי „פּאָניען״, האָט יעדער איינער, אויף זיין אופן, אויסגעדריקט זיין צער און בענקשאַפט, דערנאָך איז מען געוואָרן צוגעוווינט; דאָס דערמאָנען אָפּט און באַדויערן גרשונען איז געוואָרן איבער דער טבע, ווי ס׳וואָלט פאַר־לוירן געגאַנגען דער אמתער אינהאַלט פון דער געשעעניש. דאָס מיטפילן גרשונען איז דעריבער מער אָפּגעהיטן געוואָרן אין די אינערלעכע געפילן. דאָס לעבן איז שוין געווען אַריין אין דער געוווינהייט.

אָבער איין מאָל, ווען גרשון איז אַהיימגעקומען אויף אַ קורצן אורלויב, האָט זיך אַלץ לגמרי געענדערט. דאָס רחמנות איז פּלוצ־לינג אויסגערונען געוואָרן. קוקנדיק אויף אים, אויף זיין יונגן קרעפטיקן אויסזען, אויף זיין געזונטן הומאָר, אויף זיינע גוטמוטיקע אויגן־שמייכלען, איז מער נישט געווען קיין אָרט פאַר באַדויערן און רחמנות. פרייד און פאַרגעניגן האָבן באַהערשט זעליקס הויז־געזינד אין די עטלעכע טעג פון גרשונס אורלויב. גאַנצע טעג, און די אָוונטן ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין, האָט גרשון דער־ציילט ווי אַזוי ער האָט זיך צוגעוווינט צו דער סלוזשבע ביי „פּאָניען״, ווי אַזוי ער האָט די ערשטע צייטן געליטן, מיט וואָסערע

איינפאַלן ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון צו עסן די טריפה סאָל־דאַטסקע געקעכטסן, מיט וואָסער עקשנות ער האָט זיך באַהערשט און בייגעקומען דעם הונגער.

צוליב די אַלע דערציילונגען און שילדערונגען, ביי זיין קוראַזש און גוטן אויסזען, האָבן די געפילן פון באַדויערונג און רחמנות צו גרשונען זיך איבערגעביטן אויף געפילן ווי צו אַ העלד, און מען האָט שוין געקוקט אויף גרשונען, דעם געזונטן סאָלדאַט ביי „פאָניען״, ווי אויף אַ יידישן גיבור.

ווען זיין אורלויב האָט זיך פאַרענדיקט און ער איז צוריק אַוועק אין מיליטער, זענען שיינטשע און נחמה שוין מער נישט אַרומגע־גאַנגען אומעטיק און פאַרשעמט, נאָר פאַרקערט, מונטער און דרייסט, מיט פרייע פנימער, האָבן זיי זיך באַגריסט מיט יעדערן. זיי האָבן איבערדערציילט און מיט גדלות זיך באַרימט:

— מיין גרשון עסט נישט פון קעסל...

אויך אין די שפעטערדיקע יאָרן איז די דאָזיקע מעשה אַרומ־געגאַנגען אין כעלעם. אין קצבים־שולעכל, שבת פאַר נאַכט נאָך מנחה, ביים טיש פון דער שלוש־סעודות, אין דער טונקלקייט, ווי אַן אַריינפיר צום „בין קודש לחול״, האָט מען דערציילט, ווי אַזוי גרשון האָט פיר יאָר צייט געדינט ביי „פאָניען״ און קיין איין מאָל נישט געגעסן פון קעסל.

# דער כעלעמער מלמד און להבדיל דער גלח

דער ווייסער מענדעלע איז געווען אַ כעלעמער מלמד. פאַר וואָס האָט מען אים גערופן „דער ווייסער מענדעלע?" דערפאַר ווייל אין סאָקאָלאָוועך שטיבל, ווו ער האָט געדאַוונט, איז געווען נאָך אַ מענדעלע, איז יענער געווען יינגער פונעם כעלעמער מלמד — יענער האָט געהאַט אַ שוואַרצע באָרד און שוואַרצע האָר אויפן קאָפּ. האָט מען אים גערופן „דער שוואַרצער מענדעלע" און דעם כעלעמער מלמד — „דער ווייסער מענדעלע".

דעם אמת געזאָגט, איז דער ווייסער מענדעלע נאָך נישט געווען אַזוי אַלט, נאָר זעט אויס, אַז ער איז ווייס געוואָרן פון צרות. דער עיקר איז אָבער, אַז ער איז געווען אַ טייערער ייִד מיט אַן איידע־לער נשמה.

ווי אַלע כעלעמער מלמדים, האָט אויך דער ווייסער מענדעלע געוווינט אין זיין „חדר", אָדער אַנדערש געזאָגט — דאָס „חדר" האָט ער געהאַט אין זיין וווינונג־צימער. דער טיש אין זיין צימער איז געווען דאָס „חדר", ווו ער איז געזעסן מיט זיינע תּלמידים און געלערנט. אַ שוואַכער טאָגשיין איז געקומען פון דעם איינציקן פענצטער ביים טיש, ווייל נישט ווייט פון פענצטער איז געווען אַ וואַנט פון ברעטער, אַזאַ פּלויט, וואָס האָט אָפּגעטיילט די קדושה פון דער טומאה, אַ גרענעץ צווישן דער עבודה־זרה, רחמנא ליצלן, און עבודת־הבורא. אויף דער זייט פּלויט האָבן גאַנצע טעג געקלונגען די קולעכלעך פון די ייִנגלעך, וואָס זענען געזעסן ביי די אָפענע ספרים און געלערנט תורה; אין יענער זייט פון פּלויט האָט געוווינט דער אב־הטומאה ר"ל, דער גלח אַליין.

קיין סך תּלמידים האָט דער ווייסער מענדעלע אין זיין חדר

נישט געהאַט, ווייל ער איז דאָך נישט געווען קיין דרדקי־מלמד; זיינע תּלמידים זענען שוין געווען אויף אַ העכער מדרגה, געקומען צו אים אין חדר צו לערנען גמרא מיט תּוספת, צוגעגרייט נאָך פון די פריערדיקע, אַנדערע חדרים. דאָס איינציקע יינגל, וואָס האָט שטענדיק געלערנט ביי אים, איז געווען — אייזיק; דאָס איז געווען זיין אייגענער זון. איז אייזיקל שטענדיק געזעסן אין עק, ביים קאַנט פון טיש, ווי אַן אומגעבעטענער גאַסט אויף אַ חתונה. אייזיק איז אָבער געווען אַ לוסטיקער בחור און ער האָט געבראָכן אַלע שטע־רונגען. ווען ס׳איז נאָר געווען אַן הפסקה אין לערנען און ער איז געווען זאַט, האָט ער זיך באַוועגט אויפן אָרט, געשאָקלט מיט די הענט, ווי אין אַ מין שטילן צופרידענעם טאַנץ.

אַנדערש איז אָבער געווען מיט די צוויי טעכטער פון ווייסן מענדעלע, שיינדעלע און עלקע: זיי האָבן נישט געהאַט קיין אָרט, אַפילו נישט ביים קאַנט פון טיש. זיי זענען דאָך מיידלעך, זיי טאָרן נישט זיצן און לערנען תּורה צוזאַמען מיט די יינגלעך. זייער אָרט איז געווען נאָר אין דעם ערשטן איינגאַנגס־צימער, וואָס האָט גע־דינט סיי פאַר אַ קיך און סיי פאַר אַ שלאָפצימער פאַר די צוויי מיידלעך. דאָרט, אין דעם טונקעלן צימער, וואָס האָט קיין פענצטער נישט געהאַט, זענען זיי געווען טאָג און נאַכט. אָבער אויך דאָרט האָבן זיי זיך נישט געפונען פריי און זיכער, ווייל ריווע־פעשע, זייער שטיפמוטער איז שטענדיק געווען אויפגעבראַכט; ווי אַזוי זיי האָבן גערעדט האָט נישט געטויגט.

— וואָס שרייסטו? דו שטערסט דאָך די קינדער דאָס לערנען!

— וואָס רוימסטו איין די מייז אַ סוד? מען הערט דאָך גאָר נישט וואָס דו רעדסט!

איר איז אויך נישט געפעלן די מינע אויף שיינדעלעס פּנים — מונטער, מיט אַ לוסטיק שמייכעלע.

— וואָס איז די גדולה מיט דיר? דלות, קאָך לאָקשן! עפּעס אַ קליינינקייט?

די יינגסטע אָבער, עלקעלע, איז שטענדיק געווען ערנסט; זי

האָט אין גאַנצן נישט געדענקט איר מוטער, זי איז פאַרשוואַכט געוואָרן פון דער קינדהייט אָן.

האָט ריווע־פעשע איר נאָכגעקרימט:

— זויער עסיק־פּנים! וואָס פאָלט דיר (דאָס האָט געהייסן — וואָס פעלט דיר)? האָסט זיך דאָך שוין אָנגעגעסן!

אַזוי ווי די געפּאַנגענע פייגעלעך אין אַ שטייג, וואָס חלשן ביי דער ערשטער מעגלעכקייט אַרויסצופליִען אויף דער פריי, אַזוי האָבן אויך דעם ווייסן מענדעלעס מיידלעך געוואָלט זיין אויף דער גאַס, אונטערן פרייען הימל, אויף די ווייסע זאַמדן, וואָס האָבן אויסגע־פילט די הויפן פון דער כעלעמער נייער־צאָל־גאַס. צוגלייך מיט אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן האָבן זיי פריי געאָטעמט די לופט. אָבער ביים צוריק אַריינגיין אין שטוב אַריין, זענען זיי געווען זייער פאַרזיכטיק. שיינדעלע איז צוגעגאַנגען שטיל צו דער טיר, זיך איינגעהערט אויב ריווע־פעשע שטייט נישט ביי דער קיך. די קיך איז געווען ביי דער טיר און ווי נאָר די מיידלעך זענען אַריינגע־קומען, האָט זי זיי געגעבן יעדעס מאָל אַ קניפּ. דעריבער איז שיינדעלע געשטאַנען שטיל, זיך איינגעהערט ווו ריווע־פעשע גע־פינט זיך, און אַז מען האָט זי נישט געהערט שטיין ביי דער קיך, האָט שיינדעלע שטיל אויפגעמאַכט די טיר און די מיידלעך האָבן זיך אַריינגעשאַרט אינעווייניק אַריין און שנעל אָפּגעווישט די שיך, זומער פון זאַמד און ווינטער פון די בלאָטעס. ריווע־פעשע האָט ליב געהאַט ס׳זאָל זיין ריין אין שטוב. איר שטענדיקע טענה איז געווען, אַז די „מיידן״ ברענגען אַריין דאָס מיסט פון „פּאָדוואָזש״. דאָס, וואָס די חדר־ייִנגלעך האָבן אָנגעטראָגן זאַמד און בלאָטע פון גאַס ווען זיי זענען געקומען אין חדר אַריין, דאָס וואָס זיי האָבן אָנגעטרעטן און שמוציק געמאַכט די פּאָדלאָגע פון קיך און פון שטוב — דערויף האָט ריווע־פעשע גאָרנישט געוואַגט צו רעדן; זיי צאָלן דאָך מלמד־געלט. אָבער אויף זיי, די „מיידן״ — אויף זיי האָט די ריווע־פעשע אויסגעלאָזט דעם צאָרן.

אָבער עס האָט אויך געטראָפן, אַז די שטימונג ביי ריווע־

פעשען האָט זיך פּלוצלינג געענדערט און איר צאַרנדיק פּנים איז אין איין רגע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גוטמוטיק שמייכעלע. אַ צופרידענע, מיט גרויס הנאה, האָט זי דעמאָלט זיך געפּאָרעט אין קיך. דאָס איז געווען ווען אירע צוויי דערוואַקסענע זין פון דעם ערשטן מאַן זענען געקומען צו איר צו גאַסט. ליב און טייער זענען איר געווען די זאַמדן און בלאָטעס, וואָס אירע אייגענע זין האָבן אָנגעטראָגן פון הויף.

— וועלוועלע! זעץ זיך אַנידער. ביסט אַוודאי הונגעריק. איך וועל דיר אויספּרעגלען אַ ציבל מיט צוויי אייער, וועסטו עסן מיט ברויט און פאַרטרינקען אַ גלאָז טיי.

אָדער ווען יאַנקל, דער עלטערער בחור, איז געקומען.

— יאַנקעלע, וואָס איז געשען? דאַכט זיך, אַז דו זעסט אויס שלעכט. זעץ זיך אַנידער, רו זיך אַ ביסל אָפּ. נישט אויף דעם בענקל, ס׳איז צעבראָכן (דערביי נעמט זי אַוועק דאָס גאַנצע פון עלקעלען). אויף דעם בענקל זעץ זיך.

ווי אַלע כעלעמער מלמדים, האָט אויך דער ווייסער מענדעלע געהאַט שוואַך פּרנסה פון מלמדות. צוליב דעם האָט ריווע־פעשע צוגעהאָלפן צו דער פּרנסה: יעדן דאָנערשטיק אין אָוונט איז זי אַוועקגעגאַנגען אַרבעטן אין אַ בעקעריי און צוריקגעקומען פרייטיק, ווען ס׳איז שוין געווען גרויסער טאָג. יענער אָוונט איז געווען דער איינציקער אין דער וואָך, ווען דער ווייסער מענדעלע מיט זיינע דריי קינדער האָבן געלעבט ווי אין אַ אידיליע. אייזיקל מיט זיינע צוויי שוועסטער האָבן זיך געפילט פריי, זיי האָבן זיך געמעגט אַנידערזעצן אַפילו אויף די בעטן, וואָס זענען געשטאַנען ביי די ווענט אין חדר, און נישט בלויז אויף זייער פאָטערס בעט, נאָר אַפילו אויף ריווע־פעשעס בעט.

דער ווייסער מענדעלע איז געזעסן ביים טיש, אַריינגעקוקט אין אַ ספר און הנאה געהאַט וואָס די קינדער זיצן אין שטוב, נישט אין קיך. נאָך בעסער האָבן די קינדער אויסגענוצט די דאָנערשטיקע אָוונטן אין די וואַרעמע זומערצייטן: זיי זענען אַרויס אין דעם שמאָלן

הייפל, אַרויפגעקראָכן אויפן פּלויט און האָבן געשעפּט די פרישע לופט פון גלחס סאָד. דאָ האָט שיינדעלע ליב געהאַט צו זינגען יידישע לידער, אייזיק מיט עלקען האָבן איר אונטערגעהאַלטן. אַזוי זענען זיי געזעסן און געשעפּט די פרישע לופט, די שמעקנדיקע ריחות פון פרוכטנביימער און בלומען. ס׳איז שוין געוואָרן שפּעט־לעך, ערשט דעמאָלט זענען זיי אַראָפּ פון פּלויט, געגעסן מיט אַפּעטיט דאָס שטיקל ברויט, פאַרטרונקען אַ ביסל טיי און געגאַנגען שלאָפן.

איין מאָל אין אַ דאָנערשטיק־ביינאַכט, ווען זיי זענען אַראָפּ פון פּלויט און אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, האָט שיינדעלע געזאָגט צום פאָטער:

— אַז מען זיצט אויפן פּלויט שמעקט אַזוי גוט פון גלחס סאָד! די גאַנצע וועלט פרוכטנביימער און בלומען האָט דער אויבערשטער געגעבן אין דעם גלחס סאָד אַריין. ביי אונדז אין הויף און אויף דער גאַנצער נייער־צאָל־גאַס, אין אַלע הייף צוזאַמען, איז נישטאָ קיין איין ביימעלע, קיין איין גרעזעלע, אָבער דאָרטן — אַזאַ גרויסער סאָד!

— ווערסט איצט געוואָר, אַז מיר יידן זענען אין גלות? — ענטפערט איר דער פאָטער מיט אַ פראַגע.

נישט בלויז דעם ווייסן מענדעלעס קינדער האָבן ליב געהאַט אַרויפצוקלעטערן אויפן פּלויט און אַריינקוקן אינעם גלחס סאָד אַריין, אויך זיינע חדר־יינגלעך האָבן ביי יעדער געלעגנהייט געטאָן דאָס זעלבע. ווי מיט אַ כישוף האָט דער פּלויט, די שטומע הילצערנע וואַנט, געצויגן אויף זיך די חדר־יינגלעך. ביי יעדער געלעגנהייט, ווען דער רבי האָט נאָר אַרויסגעשטעלט אַ פוס פון חדר, זענען זיי גלייך אַרויפגעקראָכן אויפן פּלויט און אַריבערגעקוקט אין יענער זייט, זיך געזעטיקט מיט דער לופט און מיט דער גרינקייט פונעם סאָד. ווען די יינגלעך האָבן דערהערט אָנקומען זייער רבין, זענען זיי שנעל צוריק אַריין אין שטוב, זיך געזעצט צו די גמרות און פאַרגעזעצט דאָס לערנען. דער ווייסער מענדעלע האָט גוט געוווּסט

וואָס זיי האָבן געטאָן, פרעגט ער זיי, שטיל און אָן געבייזער, אַזוי ווי זיין געוווינהייט:

— מעג מען דען אַזוי? לאָזן די אָפענע גמרות און קריכן אויפן פלויט? וואָס זעט איר דען דאָרט?

יצחקל האָט תמיד פאַרשפּעטיקט אַרויפצוקלעטערן אויפן פלויט, אָבער צו ענטפערן אויף דעם רבינס פראַגע איז ער געווען דער ערשטער:

— רבי! דאָרט וווינט דער גלח!

— נישט אמת! — שפּאַרט זיך בערעלע — מען זעט נישט קיין גלח, מען זעט בלויז אַ סאָד, אַ גרויסן סאָד. ס'איז דאָרט אַזוי שיין, ס'שמעקט פון דיביימער און פון די בלומען.

— נו, נו, שוין גענוג, לערנט קינדער, לערנט — זאָגט דער רבי צו זיינע תּלמידים. לערנט דער רבי ווייטער מיט זיינע תּלמידים די גמרא. דער גמרא־ניגון צעגיסט זיך אַרום טיש און קלינגט אָפּ ביז איבערן פלויט פון סאָד:

— שנים אוחזין בטלית... איז דער דין — יחלוקו...

# צוויי כעלעמער צדיקים

נישט בלויז אין צענטער שטאָט, נישט בלויז אויפן באַרג, האָבן געוווינט די כעלעמער צדיקים, נאָר אַפילו אונטן, אַראָפּצוצו פון באַרג. צוויי רביים האָבן געוווינט אויף דער לובלינער גאַס, שוין נאָך דעם כעלעמער באַרג. איינער איז געווען דער צדיק ר׳ מאירל טאָמאַשאָווער. דער צווייטער, וואָס האָט געוווינט נאָך ווייטער, שויןביים טייך, איז געווען דער רבי ר׳ העשל. צו דיביידע רביים זענען חסידים געקומען אין די בתי־מדרשימלעך דאַוונען בציבור, בפרט אין די שבתים און יום־טובים. דער רוב פון די שבת־יומטובדיקע ייִדן פון יענע גאַסן האָבן זיך דאָרטן געטראָפן. דאָ, ביי די כעלעמער רביים, האָט מען טאַקע דערפילט דעם טעם פון ייִדישע רוחניות. ווייל ביידע רביים, סיי ר׳ מאירל טאָמאַשאָווער און סיי ר׳ העשל, האָבן זיך לגמרי נישט פאַרנומען מיט קיין אַנדערע געשעפטן, נאָר מיט לערנען תורה. זיי האָבן נישט געפירט קיין מסחרים און אַוודאי נישט קיין מלאכת־יד. ס׳איז דאָך גוט באַקאַנט, אַז פון די וואָכעדיקע געשעפטן ווערט מען נכשל, מערסטנס — אַפילו נישט ווילנדיק און אומבאַמערקט. צוזאַמען מיט דער דאגת פרנסה טוט זיך דער יצר־הרע אַריינגנאַרן אין ייִדישן מענטש, צו פאַרדאַרבן אים פון אינעווייניק. חוץ דעם, וואָס דאָס רויבט אַוועק די צייט פון לערנען תורה, ברענגט דאָס אויך צו זאָגן ליגן, אָפּנאַרעריי, פאַלשע שבועות און אַפילו צו נישט קיין פינקטלעכער וואָג, רחמנא ליצלן, אַזוי ווי ס׳פירט זיך אין דעם ביטערן געראַנגל פאַר פרנסה ביי אַ טייל קרעמער.

פון דעם אַלעם זענען די כעלעמער צדיקים געווען זייער ווייט.

זיי זענען געווען יושבי אוהל על התורה הקדושה יומם ולילה. ווער מער מיט פרומקייט און ווער מער מיט לומדות. כאָטש זיי האָבן זיך נישט פאַרנומען מיט קיין גשמיותדיקע געשעפטן, זענען זיי אָבער, חלילה, נישט אַראָפּגעפאַלן צו קיין שפלדיקער מדרגה פון אַן אָרעמען באַשטאַנד. פאַרקערט, פּונקט ווי רוחניותדיק האָבן זיי אויך אין פּרנסה־מעמד זיך אויסגעטיילט העכער אין דעם לעבנס־שטייגער פון דער געגנט. עס איז געווען קמח ותורה צוזאַמען.

# דער רבי ר׳ מאירל טאָמאַשאָווער
# און די נאַטור

אַ לאַנגער הילצערנער פּלויט, אַזאַ מין פאַרמאַכטע וואַנט פון ברעטער, האָט אָפּגעטיילט דעם רשות היחיד פון ר׳ מאירל טאָמאַ־שאָווערס סאָד צו דעם רשות הרבים פון דער לובלינער גאַס.

געווען איז דאָס נאָך אין די צייטן ווען דער גרויסער שטח, ווו מען האָט שפּעטער געפלאַנצט און איינגעאָרדנט דעם שיינעם זאַקסישן גאָרטן, איז געווען אַ ווילד־רויער זומפּיקער פּלאַץ, נאָך פון ששת ימי בראשית פאַרלאָזט פון גאָט און מענטש. אַקעגן איבער אָט דער רויער וויסטעניש, פון דער צווייטער זייט לובלינער גאַס, פון איבער דעם אָפּגעצוימטן פּלויט, האָבן זיך אַרויסגעזען די צווייגן, בלעטער און אַראָפּהענגענדיקע פרוכטן פון רבינס סאָד אַרויס — אַ גן־עדן התחתון.

אין דער גאַנצער געגנט פון אַרום איז דעם רבינס סאָד געווען אַן אויסנאַם. אין די געסלעך פון ביידע זייטן פון דער לובלינער גאַס, זענען די הייזלעך געשטאַנען אויפן רויען באָדן אָן אַ שאָטן פוןביימער און אָן גרינס. אַ בולטער אונטערשייד האָט אויסגעטיילט דעם רבינס סאָד, אַ זכיה מן השמים פאַר דעם רבין ר׳ מאירל טאָמאַשאָווער.

מען דאַרף אָבער נישט אַריינפאַלן אין אַ טעות און מיינען, אַז דער רבי איז געווען אַ גערטנער, אַז ער האָט זיך פאַרנומען מיט דער אַרבעט אין סאָד, ווי מיסטיקן, אונטערגראָבן דעם באָדן, באַ־וואַסערן, אָדער רייסן די פרוכטן. ניין, דערביי האָבן אַנדערע מענטשן געאַרבעט, די רביצין האָט זיי געדונגען.

אַפילו מיט פאַרקויפן די פּרוכטן פון סאָד האָט זיך דער רבי נישט פאַרנומען, און אויך נישט די רביצין; דערצו איז געווען שרהטשע די הענדלערקע. זומערצייט, ווען מען האָט אַראָפּגענומען די צייטיקע קאַרשן פון דיביימער, האָט שרהטשע אויפגעמאַכט דאָס טויער, וואָס האָט זיך געפונען אין מיטן פון לאַנגן פּלויט און איז אַרויסגעקומען מיט איר קראָם — אַ קויש מיט פּרוכטן, אַ וואָג און אַ בענקל צו זיצן. אין דעם ברייטן פאַרטעך האָט זי געהאַט אַ גרויסע קעשענע, ווו זי האָט אַריינגעלייגט דאָס קופּערנע געלט פון פּדיון. אַזוי איז זי געזעסן פון פרי ביז נאַכט. מענטשן האָבן שוין געוווּסט, אַז שרהטשע די הענדלערקע פאַרקויפט די פּירות פון רבינס סאָד, זענען צוגעקומען באַלעבאָסטעס, חדר־יינגלעך, מיידלעך און אַפילו שטאָטישע קריסטן, און געקויפט ביי איר די פּרוכטן.

ס׳וואָלט אָבער אויך געווען אַ טעות צו מיינען, אַז דער רבי ר׳ מאירל טאָמאַשאָווער אַליין האָט זיין סאָד לגמרי נישט באַנוצט. דווקא פאַרקערט, קיינער האָט נישט גענוצט אַזוי פיל דעם רבינס סאָד ווי ער אַליין. זיין סאָד איז געווען פאַר אים די צווייטע היים. נאָך זיין בית־מדרשל, זיין חדר מיוחד און זיין וווינונג־הויז, האָט ער אַ האַלבן טאָג פאַרבראַכט אין זיין סאָד. פאַרברענגט די צייט האָט ער אויך נישט סתם אַזוי זיך, נאָר מיט לערנען תורה. אין מיטן סאָד איז געשטאַנען די אַלטאַנקע, אין דער אַלטאַנקע איז געווען אַ טישל און אַ באַנק, איז דער רבי יעדן טאָג אַרויסגעקומען מיט עטלעכע ספרים און געלערנט ביז מנחה־צייט. אַפילו אין פריִען פרילינג און אין האַרבסט, אַז ס׳איז נאָר נישט געווען קיין פּלייצ־רעגנס, איז ער געקומען אַנגעטאָן דעם פּאַלטן, אויפגעשטעלט דעם קאָלנער, אַריינגעשטעקט די הענט אין די אַרבל און ממשיך געווען דאָס לערנען, און ביז די גרויסע פרעסט אין ווינטער האָט ר׳ מאירל טאָמאַשאָווער זיך נישט געשיידט מיט זיין סאָד.

אויסער די צוויי היימען, זיין הויז און זיין סאָד, האָט דער רבי ר׳ מאירל טאָמאַשאָווער געהאַט נאָך אַ דריטע היים, ווו ער פלעגט

אָפּטער „ווינעץ״: דאָס איז געווען די כעלעמער מקווה. ווייט האָט ער נישט געהאַט אַהינצו — בלויז אַריבערגיין דעם שאָסיי פון דער לובלינער גאַס און נאָך אַ קליין שטיקל וועג. האָט ער טאַקע נישט פאַרפעלט מקיים צו זיין די טבילות אין די באַשטימטע צייטן, אין די אַלע מאָמענטן, ווען אַן אָפּגעהיטער ייִד דאַרף דאָס מקיים זיין, זיך ריינצוואַשן בפועל ממש, אַזוי ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ צדיק.

מער ווי אַ גאַנץ יאָר האָט דער רבי ר׳ מאירל טאָמאַשאָווער מקיים געווען די טבילות אין טאָג פון ערב יום כיפור. אין דעם טאָג איז ער נישט געגאַנגען אין מקווה אַריין מיט די זעלבע רויִקע טריט ווי שטענדיק. אויסער דער כוונה, דעם אינערלעכן ציטער, וואָס האָט אים אַדורכגענומען האָט ער אויך געמוזט צואיילן די טריט, כדי צו קענען באַוויזן. דער רבי האָט געמוזט גיין שנעל און ציילן, האַלטן געגוי דעם חשבון, דאָס ווייפלטע מאָל ס׳איז שוין די איצטיקע טבילה. פון השכמה אָן האָט ער געאיילט אין מקווה אַריין, שנעל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די הלבשה און אַריין אין וואַסער, מטהר געווען דעם נאַקעטן חומר, כדי צו קענען זיך שטעלן אַ ריינער צום יום הדין. פאַר דעם רבין ר׳ מאירל איז די מקווה־טבילה געווען אַזאַ אינטימער חיבור — פון די טיפסטע ערדישע קוואַלן ביז דער העכסטער הימלישער הויך.

אַרויס פון וואַסער, האָט דער רבי שנעל זיך אָפּגעווישט, אַרויפ־געצויגן צוריק די הלבשה, ווידער אויפגעשטעלט דעם קאָלנער און אַוועק צוריק אַ היים. אַזוי איז דאָס געוואָרן איבערגעחזרט זיבן מאָל. די צייט און דער חשבון פון די טבילות איז ביים ר׳ מאירל טאָמאַ־שאָווער געווען איינגעשטעלט געגוי און פּינקטלעך, נישט ווייניקער און אויך נישט מער, נאָר אַקוראַט זיבן מאָל. אַן אמתער צדיק תמים היה בדורותיו.

# ר׳ העשל און ר׳ מאירל

## א

אַז מען פלעגט פרעגן אַ כעלעמער: „ווו וווינט איר?״ און אַז ער האָט געענטפערט: „לעבן ר׳ העשלען״, איז שוין געווען קלאָר, אין וועלכן עק פון דער שטאָט ער וווינט. נאָך אָט דעם ענטפער קומט נאָך אַ פראַגע, אַ צוגאָב צו דער ערשטער שאלה: „ווו קומט דאָס אויס — פאַרן טייך אָדער נאָך דעם טייך?״ ווייל ביידע זייטן פון כעלעמער טייך זענען געווען „לעבן ר׳ העשלען״. אַזוי האָט זיך דער רבי ר׳ העשל קונה שם געווען אין גאַנץ כעלעם, זינט ער האָט זיך דאָרט באַזעצט.

ווען איז דער רבי ר׳ העשל געקומען קיין כעלעם? געווען איז דאָס אין יענע צייטן, ווען די רבישע הויפן אין פוילן האָבן זיך שוין געהאַט „אויסגעטשוכעט״ פון דער „מלחמת מצווה״ מיט דער ראַדזינער „אַפיקורסישקייט״. מען האָט שוין שלום געמאַכט מיטן פאַקט אַז די ראַדזינער חסידים פלעכטן אַריין אַ פתיל תכלת אין די ציצית. אָבער די ייִדן אין ביידע זייטן פון כעלעמער טייך האָבן נאָך געלעבט אין די קליינע הילצערנע הייזלעך. דעמאָלט איז גע־וואָרן באַוווסט דאָס נייעס: ביים כעלעמער טייך ווערט אויפגע־שטעלט אַ געמויערט הויז. ווי נאָר דאָס הויז איז פאַרטיק געוואָרן, האָט עס פאַרכאַפּט די אויגן. גלייך פון דער לובלינער גאַס האָבן געפירט שטיגן אַרויפצוגיין אין גאַניקל אַריין, דאָס ערשטע פאָדער־צימערל פון פראָנט־אַריינגאַנג, און אָט דאָס גאַניקל איז זעלטן שיין געמאַכט. די קאָלירטע שייבלעך שימערירן בלאָ און געל, רויט און גרין. די זון שלאָגט זיך אָפּ אין די קאָלירטע גלעזער, גלייך ווי אַ ליכטיקער רעגן־בויגן. אָט דאָס ערשטע געמויערטע הויז ביים

כעלעמער טייך איז אויפגעשטעלט געוואָרן ווי אַ משכּן־קודש פאַרן רבין ר׳ העשל ליינער מיט זיין בני־בית.

אַז דער רבי ר׳ העשל האָט זיך אַריינגעצויגן אין זיין נייער וווינונג, האָט די רביצין פאַרנומען בלויז אַ האַלבן ערשטן שטאָק, בלויז די קיך און די שטיבן פון דער רעכטער זייט. די צווייטע העלפט, אָנקומענדיק פונעם שיינעם גאַניקל, האָט אויסגעפילט דער רבי ר׳ העשל אַליין מיט דער קדושה פון דאַוונען און לערנען. איין צימער איז געווען דעם רבינס בית־מדרשל, דאָס צווייטע — זיין חדר־מיוחד ווו ער איז געזעסן יומם ולילה, על התורה ועל העבודה.

דער רבי ר׳ העשל האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט דעם בלויזן לערנען די תּורה, ער האָט אויך אין זיין אייגענעם כתב־יד פאַרצייכנט דעם פּשט ודרש, צונויפגענומען פון פאַרשידענע ספרים די גאָר שׂכלדיקע דברי־תורה אין איין חיבור אַריין. דאָס איז זיין ספר „ליקוטי דברי תורה״.

באַלד ווי דער רבי ר׳ העשל האָט זיך אַריינגעצויגן קיין כעלעם, האָט ער באַקומען חסידים, וואָס פלעגן קומען אין די שבתים און יום־טובים צו הערן זיין תּורה־זאָגן. ער איז געווען אַ ברודער פון ראַדזינער רבין ר׳ גרשון העניך און די ראַדזינער חסידים, וואָס זענען נישט געפאָרן אויף אַ שבת אָדער יום־טוב קיין ראַדזין, האָבן געהאַלטן פאַר אַ חוב צו קומען צו ר׳ העשלען, וועלכער האָט זיך נוהג געווען ווי דער ראַדזינער רבי, אויך מיטן פתיל תכלת אין די ציצית.

## ב

וואָס גרעסער ס׳איז די קדושה, אַלץ ענגער ווערט די סטרא־אחרא און זי אַרבעט מעשׂים אַרויסצובאַקומען זיך פון קלעם, כדי אָפּצו־טעמפּן און פאַרשטויבן די זויבערע רוחניותדיקע שלווהקייט. דער שׂטן־מקטרג פירט דעמאָלט אַריבער אַ טראָפּן פון די גייציקע אינ־

סטינקטן פון קנאה, פון די רוי־חיהשע אייגנשאַפטן, וואָס זענען נאָך לגמרי נישט אויסגעוועפּט געוואָרן ביי די מענטשן ר״ל, צו די געצעלטן פון די צדיקים. און אויב דער שׂטן־המקטרג קאָן נישט אַריינקומען דורך דעם פראָנט־איינגאַנג, גנבעט ער זיך אַריין דורך דער הינטערטיר, צו ערשט אין קיך אַריין, און דערנאָך ווערט שוין אָנגעשטעקט דאָס גאַנצע הויזגעזינד.

חוה־הינדע איז געווען אַ מילך־הענדלערין. ווען זי האָט אַרויפ־געטראָגן דאָס קענדל מילך אין קיך צו דער רביצין, האָט זי געמוזט פריִער אַראָפּגיין אין זאַמדיקן הויף אַריין פון ר׳ העשלס „חצר״, דערנאָך אַרויפגיין אויף די הויכע שטיגן פון הינטערשטן אַריינגאַנג גלייך אין קיך אַריין. אַרויפגעקומען, האָט זי געמוזט אַנידערזעצן זיך אויף דער טאַבורעטקע אָפּרוען אַ ביסל. די רביצין דערלאַנגט איר דאָס מילכיקע טעפּל און פרעגט איר, ווי תמיד, סתם אַזוי זיך:

— וואָס זשע הערט זיך עפּעס?

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן, רביצין? מען זעט דאָך באַשיינ־פּערלעך, אַז ווו תורה, דאָרט איז חכמה.

די רביצין שמייכלט אַ צופרידענע. ס׳איז איר זייער געפעלן געוואָרן דאָס וואָרט פון דער מילך־הענדלערין.

— מיר דאַרפט איר עס זאָגן? הונדערט און צוואַנציק יאָר זאָל ער מיר לעבן, מיין מאַן, מיט זיין תורה און חכמה!

— אומעטום, איך זאָג אייך רביצין, אומעטום, ווו תורה, דאָרט איז אויך חכמה. אויך ביים רבין ר׳ מאירל טאָמאַשאָווער זעט מען באַשיינפּערלעך דאָס זעלבע.

פון חוה־הינדעס לעצטע ווערטער פאַרכמורעט זיך אַ ביסל דער רביצינס פּנים, פרעגט זי איר איבער ברוגזלעך:

— וואָס מ׳שטיינס געזאָגט, קען מען זען מען ביי מאירל טאָמאַשאָ־ווער תורה און חכמה?

— איר ווייסט גאָרנישט, רביצין? אַלע אין שטאָט ווייסן שוין, שוין עטלעכע וואָכן, אַז מען אַרבעט דאָרט, אַ שפּאָגל נײַ הויז שטעלט זיך אויף דער רבי ר׳ מאירל טאָמאַשאָווער.

— דאָס איז די גאַנצע תורה און חכמה פון מאירל טאָמאַשאָ־
ווער? אַ וואַזשנע תורה און גרויסע חכמה איז דאָס! אַז מען שטעלט
דאָרט אַ נײַ הויז, ווייס איך שוין פון לאַנג.

אַוועק נאָך עטלעכע וואָכן און חוה־הינדע האָט געטראָגן צו דער
רביצין די מילך, אָבער וועגן דעם נײַעם הויז פון ר׳ מאירל טאָמאַ־
שאָווער האָט מען נישט גערעדט. ענדלעך האָט די רביצין נישט
געקענט מער זיך אײַנהאַלטן און געפרעגט:

— ווי האַלט דאָס מיטן נײַעם הויז ביי מאירל טאָמאַשאָווער?

— ס׳איז שוין פיקס און פאַרטיק — האָט חוה־הינדע גע־
ענטפערט — שפּאָגל נײַע ברעטלעך זענען די ווענט, רויטע קאַר־
מידן־ציגל דער דאַך. אַפילו די ראַמען צו די טירן זענען שוין
אַרײַנגעפּאַסט. ס׳פעלט נאָר אָנצוהענגען די טירן און מיט מזל זיך
אַרײַנציִען.

די טיר פון ר׳ העשלס חדר־מיוחד אין קיך אַרײַן איז געווען
אָפן און דאָס געשפּרעך פון די צוויי ווייבער איז דערגאַנגען צו
אים. ר׳ העשל איז געבליבן שטיין ביי דער טיר און געפרעגט:

— און אַ מזוזה איז שוין אויך אָנגעקלאַפּט, אַ מזוזה?

ביידע פרויען קוקן זיך איבער. די רביצין ווינקט מיט אַ שמייכל
צו חוה־הינדען, וואָס זעט אויס ווי פון שלאָף אויפגעקומען. זייטיק
קוקט זי צום רבין ר׳ העשל. ער שטייט מיטן הויכן קאַפּל אויפן
קאָפּ, די ציצית פון טלית־קטן הענגען אַראָפּ ביז דער פּאָדלאָגע.
חוה־הינדע פאַרשעמט זיך און פאַרענטפערט זיך:

— אַ מזוזה? אוי וויי, איך האָב זיך גאָרנישט אומגעקוקט!

ר׳ העשל קוקט אויף דער מילך־הענדלערין, וואָס פאַרענטפערט
זיך. זי זיצט אויף דער טאַבורעטקע און איר ברייט פאַרטעך הענגט
אַריבער דאָס בענקל רונד אַרום.

— זיך גאָר נישט אומגעקוקט? — פרעגט איבער דער רבי.

— אוי ניין, רבי, איך האָב זיך גאָר נישט אומגעקוקט.

די זעלבע וואָך, פרייטיק, ווען דער רבי ר׳ העשל איז געגאַנגען
אין מקווה אַרײַן און איז פאַרבייגעגאַנגען ר׳ מאירל טאָמאַשאָווערס

סאָד, איז ער צוגעגאַנגען נאָענט צום נייעם הויז, זיך אַליין צו איבער־צייגן, אויב ס'איז אָנגעקלאַפּט אַ מזוזה. דערווייל קוקט ער אויף די נייע פּירקאַנטיקע האָלץ־בעלקעס פון די ווענט. רעמען זענען שוין אַפילו מיט אייזערנע זאַוויאַסעס פאַרזעצט, ס'פעלט נאָר אַרויפצוהענגען די טירן. אָבער אויף די רעמען, אויפן אָרט, וווּ מען דאַרף לויטן דין אַרויפקלאַפּן די מזוזה, איז ליידיק...

אין דער מינוט האָט זיך ביי ר' העשלען אויפגעוועקט אַחריות פון אַ תלמיד־חכם, וואָס ווייסט געגוי די הלכה, איז ער צוגעגאַנגען גאַנץ נאָענט, האָט מיט דער האַנט געקלאַפּט אין דעם אָרט וווּ עס דאַרף זיין די מזוזה און געשריגן אויפן קול:

— אַ מזוזה! אַ ייִד דאַרף אָנקלאַפּן אַ מזוזה!

שכנים און פאַרבייגייער זענען זיך צוזאַמענגעקומען, כדי צו זען וואָס דאָ קומט פאָר, און פאַר יעדן איינעם, וואָס איז צוגעקומען, האָט ר' העשל געהאַלטן אין איין איבערחזרן בקולי קולות:

— אַ מזוזה! אַ מזוזה דאַרף אַ ייִד אָנקלאַפּן!

די רביצין, ר' מאירל טאָמאַשאָווערס ווייב, איז אַרויסגעקומען און געבעטן זיך רחמים:

— דאָס הויז איז דאָך נאָך נישט פאַרטיק, די טירן זענען נאָך נישט אָנגעהאָנגען.

אָבער דער רבי ר' העשל האָט זיך אַוועקגעדרייט פון איר און געטענהט צו די מענטשן, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעקומען:

— אַ מזוזה קלאַפּט מען נישט אָן אויף דער טיר, נאָר לעבן דער טיר!

# ער האָט זיך געמאַכט שיין

פאַר בעריש וולאָדאַווער איז דעם רבינס ר׳ העשלס בית־מדרשל געווען די צווייטע היים. זינט ער האָט זיך אַריינגעצויגן מיט זיין בני־בית פון וולאָדאַווע קיין כעלעם איז ער אַן אָפטער יוצא ונכנס ביי ר׳ העשלען. צוויי סיבות זענען דערביי: ערשטנס, ער איז אַ נאָענטער שכן, צווייטנס, ער איז דאָך אַליין מכמה וכמה יאָרן אַ ראַדזינער חסיד, און נישט בלויז אַ „קאַלטער" חסיד, נאָר טאַקע פון די גאָר גרויסע חסידים, איבערגעגעבן בלב ונפש צום ראַדזינער חסידות. יעדן פרימאָרגן צום דאַווענען און יעדן אָוונט צו מנחה־מעריב כאַפט ער זיך אַריין צום מנין ביי ר׳ העשלען. אַפילו אין מיטן טאָג אָדער אין אָוונט, ווען ער האָט נאָר אַ ביסל צייט איז ער נישט פויל אַרויפצוגיין אין ר׳ העשלס בית־מדרשל און כאַפּן אַ בליק אין אַ ספר, אָדער שמועסן אַ ביסל מיט די מתפללים און אַפילו מיטן רבין אַליין. שוין אָפּגערעדט אין די שבתים אָדער אין די יום־טוב־טעג האָט ער קיין מאָל נישט פאַרפעלט צו קומען מיט זיינע צוויי ייִנגלעך צום דאַווענען און ביי די „טישן" צו שלוש־סעודות, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז אין דער נאַכט אַריין, איז בעריש וולאָדאַווער געווען פון די חשובסטע מסובים.

דער שׂטן המקטרג האָט אָבער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן אַזאַ טריישאַפט צווישן רבין ר׳ העשל און בעריש וולאָדאַווער און ער האָט אַזוי לאַנג גענורטעוועט ביז ער האָט זיינס דערגרייכט. אויב האָט ער דאָס נישט געקאָנט דערגרייכן אין אַ שבת־טאָג אָדער אין אַ יום־טוב, האָט ער געפונען אַ געלעגנהייט אין אַ וואָכעדיקן טאָג.

בעריש וולאָדאַווער האָט געהאַט אָפּגעדונגען זיין קראָם ביי

דער רביצין. דער רבי ר׳ העשל האָט זיך דאָך נישט פאַרנומען מיט קיין גשמיותדיקע געשעפטן. די קראָם איז געשטאַנעןביים טייך, אַ ביסל אַראָפּ אין הויף אַריין. היות ווי דער פּדיון איז געווען זייער אַ שוואַכער, האָט בעריש וולאָדאַווער געדונגען עטלעכע מענטשן איבערצורוקן די הילצערנע קראָם נענטער צום וועג, כדי זי זאָל זיין מער אָנזעעוודיק פאַר די קונים. די רביצין האָט אָבער נישט מסכים געווען. אפשר האָט זי מורא געהאַט פאַר אַ שטראָף פון מאַגיסטראַט און מעגלעך, אַזי זי האָט סתם געוואָלט אַ הוספה אויפן דירה־געלט. אַזוי צי אַזוי — און ס׳איז געקומען צו אַן איבער־ווערטלען זיך צווישן דער רביצין און בעריש וולאָדאַווער. אַז די מחלוקת איז אַריין אין די הויכע גדולות, אויף אַזוי פיל, אַז די רביצין האָט זיך געלאָזט הערן אויפן קול, איז שוין דער רבי ר׳ העשל געבליבן אין פאַרלעגנהייט, אָבער ער האָט דאָך נישט געקאָנט זיין ווי אַ פרעמדער, האָט ער זיך געשטעלט אויף דער זייט פון זיין ווייב די רביצין, כאָטש נישט אַזוי שאַרף ווי זי אַליין. פון דעמאָלט אָן איז שוואַכער געוואָרן די צוגעבונדנקייט צווישן רבין און זיין געטרייען חסיד. דאָך האָט בעריש וולאָדאַווער זיך נישט געענדערט צום רבין און צו זיין בית־מדרשל. אַלץ האָט זיך ווייטער געפירט אַזוי, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען.

דער שׂטן־המקטרג האָט אָבער נאָך אַלץ נישט גערוט, ביז ער האָט דערפירט צו אַ סכסוך צווישן דעם רבין און זיין בעסטן חסיד, און דאָס מאָל — שוין דירעקט, און נישט אין קיין וואָכעדיקן טאָג, נאָר דווקא אין אַ שבת.

ס׳איז שוין געווען אַוועק עטלעכע יאָר זינט בעריש האָט זיך אַריינגעצויגן קיין כעלעם. די צוויי יינגלעך, גרשון און אַברהם, זענען שוין געווען אונטערגעוואַקסן. די נייע ווינטן וואָס בלאָזן אין דער גרויסער וועלט האָבן דערגרייכט אויך קיין כעלעם און בערישס זין האָבן אָנגעהויבן צו חברן זיך מיט ציוניסטן און אַפילו מיט סאָציאַליסטן, אָנגעהויבן לייענען ייִדישע ביכער און צייטונגען. בקיצור הדבר — זיי זענען געוואָרן „וועלטלעך״. און דערצו האָט

מען אָנגעהויבן רעדן שידוכים. גרשון און אַברהם האָבן אָנגעהויבן זיך פּוצן, פאַרקירצט די פּיאות, אָנגעטאָן ווייס־בלאַנקע קעלנער אויף די העמדער, כאָטש פּאַפּירענע, זענען זיי אָבער שיין, שטייף געפּרעסט, ווי פון בעסטן שטאָף. אויך די קאַפּאָטקעלעך, וואָס מען האָט אויפגעניייט פאַר זיי, זענען אַרויסגעקומען אַ ביסל קירצער, מעשה יאָלד.

זייער אויפפירונג איז די עלטערן נישט געווען צום האַרצן. ווען די זין זענען נישט געווען אין שטוב, פלעגט אָפט פאָרקומען אַ דיאַלאָג פון די עלטערן אין דער פראַגע:

— צו וואָס דאַרף מען דאָס אַלץ? — האָט בעריש געטענהט צום ווייב — און אַז זיי וועלן נישט אויסזען ווי די פאַרשייטע יאָלדן, וועלן זיי, חלילה, נישט געפעלן ווערן? פאַרקערט, איך וויל טוען שידוכים מיט מיינס גלייכן, פאַרשטייסט?

אין זיך איז בערישס ווייב געווען מיט די זעלבע געדאַנקען, אָבער זאָגן דאָס האָט זי נישט געוואָלט.

— וואָס רעדסטו, בעריש — האָט זי געענטפערט — ווען עמע־צער וואָלט געהערט, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז די קינדער זענען, חלילה, אַרויס לתרבות רעה, ס'איז דאָך, חלילה, נישט אַזוי אויסטערליש.

— ביי מיר איז דאָס אויסטערליש — טענהט בעריש — מיינע קינדער דאַרפן גיין אין ייִדישן גאַנג.

— דו ביסט אַראָפּ, חלילה, פון זינען? זיי זענען דאָך יונגע קינדער. דו ווילסט זיי זאָלן האָבן דיינע געדאַנקען? דערווייל, גאָט צו דאַנקען, זענען זיי פרומע, כשרע ייִדישע קינדער.

ביסלעכווייז האָבן די עלטערן זיך צוגעוווינט און שלום געמאַכט. דאָס לעבן אין דער משפחה האָט זיך ווייטער געפירט ווי געוויינט־לעך און בעריש וולאָדאַווער האָט שוין געהאַט אַפילו פאַרגעסן, אַז זיינע אויסגעפּוצטע זין קאָנען מאַכן אַ שלעכטן איינדרוק אויפן רבין ר' העשל.

געווען איז דאָס אין אַ שבת אין בית־המדרשל בשעת קריאת

התורה, ירוחם לייענט אין ספר. זיין יונג־קרעפטיק קול פון אַ בן שלושים לכוח קלינגט אָפּ הויך. יעדעס מאָל, ווען מען איז מכבד עמעצן מיט אַן עליה און ער פאַרענדיקט די ברכה, צעגיסט זיך דאָס לויטערע געזאַנג ירוחמס מיטן אָנהייב פון זיין „אמן״!

ווי עס איז די התנהגות פון רבין ר׳ העשל בשעת קריאת־התורה, שטייט ער אויך איצט ביים טיש פון דער זייט. זייטיק קוקט ער אַריין אין דער ספר־תורה און חזרט איבער אין זיך דאָס לייענען. ער פאָלגט נאָך זיין זונס לייענען און לעבט מיט מיטן אינהאַלט פון דער פרשת־השבוע. און אָט, אין מיטן לייענען, ווען ר׳ העשל האָט אויף אַ רגע אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געכאַפּט אַ בליק צו די מתפללים, האָט פּלוצלינג דער שׂטן־המקטרג דורכגעשוועבט פאַר אים און אַריינגעדרונגען בגנבה אין רבינס מחשבות. ר׳ העשל האָט אַוועק־גענומען דעם בליק פון די מתפללים און ווייטער אַריינגעקוקט אין אָפענעם ספר, אָבער דער שׂטן האָט שוין געגורטעוועט אין זיינע רעיונות.

דער רבי האָט בשום אופן נישט געוואָלט מסיח־דעת זיין פון זיין זונס לייענען אין ספר, אָבער ער האָט אויך נישט געהאַט קיין רו. וואָס עפּעס האָט אים פאַרבלענדט אַ ווייסער גלאַנץ אויפן האַלדז פון אַ בחור? עפּעס איז יענער ענלעך צו גרשונען, בעריש וולאָדאַ־ווערס ייִנגל. און אפשר איז דאָס אַ טעות? נישט שוין זשע זאָל דאָס איינע געזונטע אויג אָפּנאַרן? די געדאַנקען קערן זיך צוריק צום אַקצענטירטן טראָפּ פון לייענען אין ספר, צו דער פּינקטלעכער איינשטעלונג פון די ווערטער: — „אין קול ענות גבורה ואין קול ענות חלושה קול ענות אנוכי שומע״.

תיכף נאָך דער פרשה האָט דער רבי נאָך אַ מאָל אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אָנגעשטרענגט צו דערבליקן גוט, ווער ס׳איז דאָס בחורל מיטן גלאַנציקן קראַגן, וואָס שטייט דאָרט. באַלד האָט ער באַמערקט, אַז אויך די פּיאות זענען ביי אים קירצער געשוירן און אַז דאָס איז ער טאַקע — גרשון, בעריש וולאָדאַווערס זון. דער כּעס האָט דעם רבין דורכגענומען. אָבער דער דרך־ארץ פאַר דער

אָפּענער ספר־תורה האָט אים באַוויזן זיך איינצוהאַלטן, כאָטש אַלץ אין אים האָט געציטערט פאַר אויפרעגונג צוליב דער פּריצה, צוליב דעם דורכברוך פון איינגעשטעלטן חסידישן הולך ביי אַ זון פון זיין איבערגעגעבנסטן חסיד. באַלד נאָכן אַריינשטעלן דאָס ספר אין אָרון־קודש אַריין, האָט דער רבי אויסגעשריגן מיט צאָרן:

— ער האָט זיך געמאַכט שיין!

אַלע מתפללים זענען געבליבן שטיל, זעענדיק ווי דאָס פּנים פון ר׳ העשלען פלאַמט פאַר אויפרעגונג און זיינע אַראָפּגעלאָזטע הענט טרייסלען זיך. אַזוי האָט ער עטלעכע מאָל אַרומגעקרייזט אַרום טיש און בלי הרף איבערגעחזרט די ווערטער:

— ער האָט זיך געמאַכט שיין! ער האָט זיך געמאַכט שיין!

דער עולם איז געבליבן אין פאַרלעגנהייט און איינגעהאַלטן דעם אָטעם. די וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צום טיש, האָבן מיט גרויס דרך־ארץ זיך אַוועקגעשאַרט, פריי געמאַכט דעם וועג פאַרן רבינס אַרומקרייזן אַרום טיש. עטלעכע מתפללים האָבן זיך פאַרויס־געררוקט פאַר גרשונען צו פאַרשטעלן אים פון רבינס בליקן. דערנאָך האָט דער רבי זיך באַרויִקט און איז צוגעגאַנגען צו דער מזרח־וואַנט פון דער רעכטער זייט, ווו ער איז תּמיד געשטאַנען בשעת דעם דאַווענען. דער עולם האָט אָנגעהויבן דאַווענען מוסף, אָבער די ערנסטע פּנימער פון די מתפללים האָבן עדות געזאָגט, אַז די תּפילות זענען אויסגעמישט מיטן פאַרדראָס פון דעם רבינס ווערטער:

— ער האָט זיך געמאַכט שיין!

# תורה ועבודה במקום אחד

עלף אַ זייגער ביי נאַכט איז נאָך דער רייוויצער שוסטער געזעסן אויף זיין נידעריק בענקעלעביים פּירקאַנטיקן טישעלע פון זיין וואַרשטאַטל און געאַרבעט.

— חנן — האָט פעסעלע געזאָגט צו איר מאַן — אפשר וואָלט שוין צייט געווען זאָלסט אָוועקלייגן די אַרבעט און מען זאָל שוין מאַכן נאַכט. איך בין אַזוי מיד, אַ גאַנצן טאָג האָב איך געאַרבעט אַזוי ווי אַ פערד ביי די פּאַלעווסקיס, דערנאָך האָב איך צוגערוימט די שטוב און עפּעס אָפּקאָכן מוז איך דאָך אויך. ס׳איז שוין די העכסטע צייט זיך צו לייגן שלאָפן, אָפּצורוען אַ ביסל.

— באַלד, באַלד, פעסעלע! — ענטפערט איר דער רייוויצער שוסטער — איך וועל נאָך פאַרטשוועקעווען ירוחמס שיך. די רביצין האָט מיך געבעטן איך זאָל מאַכן די שיך אויף יום־טוב פאַר איר ירוחמען. איך וועל דיר דערקלערן דעם פּשט פון דער זאַך: ערשטנס, בין איך דאָך איר שולדיק שוין פאַר דריי חדשים דירה־געלט. צווייטנס, ס׳גייט דאָך עפּעס, אין אַ מזלדיקער שעה, פּסח, פאַר־שטייסט? איז, אַז ס׳פאַלט אַריין אַ ביסל אַרבעט, קען איך דאָס נישט אָפּלייגן.

זיצט זיך אַזוי חנן, קלאַפּט אַריין די טשוועקלעך אויף דער קאָפּיטע, און מונטערט זיך און זיין ווייב מיט אַ פּסוק:

— ווייסט, פעסעלע, ביי אונדז אין הויז איז מקוים געוואָרן דער פּסוק „תורה ועבודה במקום אחד״. פאַרשטייסט, וואָס דאָס הייסט? אויבן זיצט דער רבי ר׳ העשל און לערנט תורה, און איך דאָ, אונטער אים, זיץ און אַרבעט טאַקע פאַרן רבינס זון אויף פּסח.

— אַ גרויסער גליק האָט דיך געטראָפן! — ענטפערט אים

פּעסעלע — ווינסט אין אַ קעלערשטוב, זיצסט געבויגן אין דרייען און קלאַפּסט אַ גאַנצן טאָג מיטן האַמער.

— ערשטנס, איז דאָס בלויז אַ האַלבער קעלער, נישט קיין גאַנ־צער קעלער — טענהט חנן מיט אַ גמרא־ניגון — צווייטנס, וואָס איז די קונץ צו זיין אַ גביר און צו שרייען צו גאָט „ממעמקים קראתיך"? ער זאָגט דאָך אַ ליגנט, אַ בפירושן ליגנט. אָבער אַז מען ווינט טאַקע אין אַ קעלערשטוב, און מען שרייט ממעמקים, פון די טיפע־נישן, פון די ניין איילן טיף, פון דער ערד אַרויס, רוף איך צו גאָט — איז דאָך דאָס אמתדיקער ממעמקים, פון די טיפסטע טיפענישן, פאַרשטייסט, וואָס דאָס הייסט?

— וויצל זיך אַ ביסל וויניקער מיט דיין שוסטערישער תורה. איך בין טויט־מיד, און דיר ליגן אין קאָפּ דיינע נאַרישע וויצן.

— שויך, שויין פּעסעלע, שוין פאַרטשוועקעוועט, שוין אָוועק־געלייגט די עבודה. מאָרגן, מען זאָל דערלעבן מיט אַ גוט געזונט, וועל איך אַרויפקלאַפּן די זוילן.

חנן האָט פאַרלאָשן דעם לאָמפּ, פאַרשלאָסן די טיר, און ביים רייוויצער שוסטער איז געוואָרן נאַכט.

די דאָזיקע נאַכט איז געווען אַ שטאַק פינצטערניש — גלייך ווי ס'וואָלט אין גאַנצן נישט עקזיסטירט אויף דער וועלט קיין לבנה און שטערן. אין דער טיפער נאַכטפינצטערניש האָט ריטמיש גע־קלאַפּט דער רעגן. אַ גאַנצע נאַכט געפּלייצט, געפּויקט אין די דעכער און פאַרמאַכטע לאָדנס פון די פענצטער. אין אָט דעם מבול פון חצות איז גאַנץ כעלעם שוין געווען פאַרשלאָסן אין די הייזער אין אַ געשמאַקן נאַכטשלאָף. בלויז דער טייך, וואָס איז אַ גאַנצן ווינטער געשלאָפן אונטער זיין אייזדעק, איז פּלוצלינג דערוואַכט געוואָרן. שנעל האָט דער טייך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די ווייסע דעק, זי צעקראַכט, צעריסן און צעשמאָלצן אין זיך. מיט אַ מאָל האָט דער טייך אויפגעשלאָסן אַלע זיינע טירן און טויערן פוןביידע זייטן

אין דער גאַנצער לענג און אויפגענומען אין זיך, איינגעשלונגען אַלע רעגנשטראָמען, אַלע פלייצן פון דעם מבול. מיט געפילדער פון איבערנאַטירלעכע כוחות, וואָס ווערן אַרויסגעלאָזט פון צוים, באַפרייט, שטראָמט איצט דער טייך; אויסגעהונגערט און דורשטיק פון אַ גאַנצן ווינטער שלינגט ער איצט דעם רעגן, ער שווימט אַוועק אין דער לענג און הייבט זיך אין דער ברייט. וואָס שנעלער ער שווימט אַוועק, אַלץ שנעלער הייבט ער זיך, צעשפרייט זיך פון ביידע זייטן.

אין אָט דער פינצטערער חצות הלילה שלאָגט זיך דורך, ווי אַ שטערנדל, דאָס ליכט פון אַ שויבן־פענצטער. פון דער הייך, פון איבער דעם טייך און איבער די דעכער פון די שלאָפנדיקע מענטשן אין די הייזער ביים טייך, ווי אַ שטערנדל פון הימל, אַזוי טאַנצט אַרויס דאָס ליכט פון פענצטער עקשנותדיק, להכעיס דעם חושכדיקן שדים־טאַנץ פונעם רעגן־מבול; אַזאַ אָפן אויג, וואָס וואַכט אַ גאַנצע נאַכט, וואָס חזרט כסדר איין דעם פסוק פון קריאת־שמע־לייענען: הנה לא ינום ולא ישן שומר ישראל. דאָרט, אינעווייניק אין דעם צימערל מיטן ליכטיקן פענצטער, שלאָפט ער טאָקע נישט, נאָר ער וואַכט אַ גאַנצע נאַכט. דאָס איז דער רבי ר׳ העשל. אַזוי ווי זיין שטענדיקע געוווינהייט, אַזוי זיצט ער אויך איצט אין זיין חדר מיוחד אין די שפעטע נאַכט־שעהען. די ספרים אין זיין צימערל זענען פול אין אַלע פאַכן אויף די ווענט, ביזן סופיט אַרויף. אויפן טיש ליגן די ספרים, וואָס ער האַלט אין לערנען; ער שלינגט איין דף נאָכן צווייטן, שווימט אין די ספרים אַזוי ווי אַ פיש אין וואַסער. ווי דער טייך, ווען ער שטראָמט מיט זיין לויטער קוואַלנדיקן לויף, אַזוי איז אויך דער רבי ר׳ העשל אין די ספרים. ער איז בראשו ורובו אַזאַ לעבעדיקער געדאַנקען־שטראָם, כמעין המתגבר, אַ קוואַל, וואָס שטראָמט אַרויס פון פאַרבאָרגענע תהומות.

אָבער גראָד אין חצות הלילה האָט זיך עפּעס, מעשה שטן, אָפּגעשטעלט דער גאַנג; די אותיות, די ווערטער אין אָפענעם ספר אויפן טישל, זענען עפּעס אַזוי ווי בליי פאַרזעצט אין בלאָט, שווער

אַרויסצובאַקומען פון זיי דעם אינהאַלט; עס לאָזט זיך נישט באַ־
שיידן די ווערטער צו אַ פאַרשטענדלעכן אויספּיר. גלייך ווי דער
יצר־הרע אַליין וואָלט זיך, חס ושלום, אַריינגעריסן און אָפּגעטיילט
ביים רבין דעם גוף פון דער נשמה, צעריסן, צעשיידט זיין ראיה
פון דער שמיעה. יעדעס אבר ביים רבין איז פילבאַר צו עפּעס אַנ־
דערש. מיט די אויגן האָט ר׳ העשל געקוקט אין ספר אַריין, אָבער
מיט די אויערן האָט ער איינגעזאַפּט דעם ווילדן מבול פון דרויסן,
דאָס רוישיקע פלייצן פון טייך. דער מבול האָט זיך אַריינגעריסן
בגנבה צו אים אין די מחשבות, זיך געלייגט אויפן האַרץ, פאַר־
פלייצט דעם מוח, כדי מסיח דעת זיין אים פון לערנען. ער האָט
אַרויסגענומען פון זיין וועסטל־טאַש דעם זייגער; ס׳איז צוויי ביי
נאַכט. שטענדיק אין דער צייט איז ביי מיר דאָס בעסטע לערנען,
טראַכט ער זיך, און איצט? אַפילו קיין פירוש המלה נישט. ר׳ העשל
האָט זיך אויפגעהויבן פון בענקל, אָנגעהויבן שפּאַנען איבערן צי־
מערל, פון פענצטער צו דער טיר און צוריק: אפשר אַזוי אַרום
וועט ער פאַרטרייבן דעם שׂטן־המקטרג. אָבער אַ קעלט און אַ ציטער
האָט אים אַרומגענומען. ער האָט זיך געמוזט צולייגן אויף אַ מינוט.
אין דער רגע האָבן זיך זיינע אויגן פאַרשלאָסן און ער איז איינ־
געשלאָפן.

אַ געשריי פון אונטער זיין פענצטער האָט אויפגעוועקט דעם
רבין ר׳ העשלען, אַ ביטערער וויי־געשריי פון אַ ייִדענע, אַ געוויין,
וואָס קומט פון טיפן האַרץ.

— דערטרונקען! די גאַנצע אָרעמע פּראַצע אונדזערע, ווי איז
מיר, אַלץ דערטרונקען!

באַלד ווי ר׳ העשל האָט אויפגעריסן די אויגן און דערהערט
דעם ביטערן גזן־דין־געשריי פון אונטער זיין פענצטער, האָט ער
אָנגעהויבן ציטערן מיט אַלע אברים. אַ שוידער־קעלט האָט אים
באַהערשט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין זיין חדר־מיוחד־צימערל,
דער לאָמפּ איז שוין געווען אויסגעגאַנגען, אויסגעברענט דער נאַפט.
פון פענצטער האָט אַריינגעלויכטן דאָס קויטיק־גראָע פרימאָרגן־

ליכט פון דעם רעגנדיקן טאָג. אַ רגע האָט ער זיך אַריינגעטראַכט אין אַלעם, וואָס איז געשען: אַלץ איז דאָך השם יתברכס מעשים. ער האָט באַמערקט, אַז דאָס ספר ליגט אויפן טיש אַזוי האַרט, אַזוי ווי די אותיות און די ווערטער פון אינעווייניק אינעם ספר, וועלכע האָבן זיך די נאַכט נישט געלאָזט באַשיידן צו אַ שׂכלדיקן אויספּיר. ער איז קודם־כל צוגעגאַנגען זיך אָפּגיסן די נעגל און זאָגן אַ ייִדיש וואָרט. אָבער ווען ער האָט געהאַלטן די קופּערנע שעפּ מיט די צוויי אויערן אין דער האַנט, איז זי, די רביצין, אַריינגעקומען פון דער גאַס מיט די צוויי נאַסע פּאַרטשוועקעוועטע כאָלעווקעס אויף די קאָפּיטעס. דאָס וואַסער האָט פון זיי געטריפט, דורכגעווייקט שוואַרץ. זי האָט מיט טרערן אין די אויגן געוויינט פאַר איר מאַן:

— ירוחמלס נייע שיך אויף יום־טוב זענען אויך דערטרונקען געוואָרן! — זי האָט אויסגעצויגן די הענט מיט די נאַסע כאָלעווקעס צו אים. זי האָט איצט אין גאַנצן אַרויסגעלאָזט פון געדאַנק, אַז איר מאַן איז דער רבי ר׳ העשל. דאָס אומגליק, וואָס האָט געטראָפן מיט דער פאַרפּלייצונג אונטן, ביים רייוויצער שוסטער, האָט זי צוגע־שמידט צו דער ברוטאַלער ווירקלעכקייט. האָט זי ווייטער געוויינט:

— געקויפט פאַר צוויי רובל די בעסטע פאַר כאָלעווקעס פאַר ירוחמלען אויף פּסח, האָט ער דאָס אויך געלאָזט ליגן אויף דער ערד, ס׳זאָל דערטרונקען ווערן...

ר׳ העשל איז געבליבן שטיין דערשטוינט. ער האָט געציטערט, די שעפּ פון האַנט אַרויסגעלאָזט. פאַר גרויס אויפרעגונג האָט ער זיך אַזש געטרייסלט. די אוממעכטיקייט פאַר דעם אומגליק איז אַריבערגעגאַנגען אין כּעס אויף איר, אויף זיך אַליין.

— ייִדענע! — האָט ר׳ העשל מיט אַ טיף הייזעריק געשריי געענטפערט — ייִדענע, וואָס דו ביסט! נאָר ירוחמלס שיך גייט דיר אָן!

דאָס לינקע קראַנקע אויג ר׳ העשלס איז געבליבן אָפן און נאָך געוואָרן גרעסער ווי תּמיד, מיט אַ ווייס־געלן בלאַם פאַרצויגן. דאָס

רעכטע געזונטע אויג האָט זיך אָבער האַלב פאַרשלאָסן און פון אים האָבן טרערן זיך געגאָסן.

# ווּ איז דאָס קאָצקער שטיבל?

קיין כעלעם איז אַ מאָל געקומען צו פאָרן אַ ייִד, אַ קאָצקער חסיד פון דובענקע. ס׳איז געווען אין די פרימאָרגן־שעהען, איז ער אַוועק מיטן טלית אונטערן אָרעם איבער די כעלעמער גאַסן; ער גייט אין קאָצקער שטיבל אַריין דאַווענען. פרעגט ער אַ כעלעמער תּושב:

— ווּ איז אין כעלעם דאָס קאָצקער שטיבל?

ווייזט אים דער כעלעמער דעם וועג:

— אַז איר גייט אַראָפּ פון דעם באַרג, וועט איר זיך אַריינדרייען לינקס. ס׳איז נאָך דעם בית־המדרש.

גייט דער דובענקער אַראָפּ פונעם באַרג. ווען ער האָט זיך שוין אַריינגעדרייט לינקס, גייט אים אַנטקעגן אַ צווייטער ייִד. כּדי צו זיין זיכערער, פרעגט ער אויך דעם ייִד:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווּ איז דאָ דאָס קאָצקער שטיבל?

— נישט דאָ — ענטפערט ער אים — דאָס קאָצקער שטיבל איז פון יענער זייט, אַקעגן איבער דער שול נאָר אַ ביסעלע אַהינצוצו, אויף דער זייט, ווּ מען גייט אַרויף צו די יאַטקעס, נאָר אַ ביסעלע ווייטער. ס׳איז אַרויפצוגיין אויף פינף טרעפּלעך. איך בין טאַקע אויך אַ קאָצקער חסיד, באַלד וועל איך אויך גיין אַהין דאַווענען.

גייט שוין דער דובענקער צוריק. ער גייט דורך די גאַס פון בית־המדרש און שטייט שוין ביי דער שול, ביי דער הויכער וואַנט פון דער דיקער מויער. ער קוקט אַרויף צו די פענצטער פון דער שול אַקעגן דער יאַטקע־גאַס. פון דער יאַטקע־גאַס גייט אַראָפּ אַ יונגער מאַן.

— דאָ נאָענט איז דאָס קאָצקער שטיבל? מען האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳איז אויף פינף טרעפּלעך אַרויפצוגיין.

— איר בלאָנדזשעט, פעטער, איר גייט פאַרקערט — באַקומט ער ווידער אַן אַנדער אינפאָרמאַציע.

כדי אויפצוקלערן דעם ענין, לאָמיר אָפּלאָזן דעם דובענקער קאָצקער חסיד. זאָל ער נאָך אַ ביסעלע בלאָנדזשען איבער די כעלעמער גאַסן, ביז מיר וועלן אויפקלערן די זאַך. ווייל מען דאַרף דאָך נישט מיינען, אַז די כעלעמער ייִדן זענען אַזעלכע רשעים, חס ושלום, צו פאַרפירן בכוונה אַ פרעמדן ייִד. פאַרקערט, די כעלעמער האָבן אַ שם פון מכניס אורחים. אלא, וואָס דען? אַ גרויס געשעעניש איז דעמאָלט געשען אין קאָצקער הויף, וואָס האָט אויפגעטרייסלט אויך קאָצקער חסידים אין כעלעם.

ובכן, מעשה שהיה כך היה: די זאַך האָט זיך אָנגעהויבן אין כעלעם מיט קאָפּל דעם זייגער־מאַכער. קאָפּל, דער כעלעמער זייגער־מאַכער, האָט מקיים געווען דעם פּסוק פון דער משנה: „לעולם ילמד אדם את בנו מלאכה נקיה קלה״. דעריבער איז ער אַליין געוואָרן אַ זייגער־מאַכער און האָט אויך זיינע זין אַריינגעפירט אין דער מלאכה אַריין. בכלל איז קאָפּל געווען אַ טייערער ייִד. געגאַנגען אויפן דרך הישר און אַרויסגערופן דרך־ארץ ביי די כעלעמער תּושבים בכלל און ביי די קאָצקער חסידים בפרט.

איין מאָל, אין מיטן העלן טאָג, האָט ער געשלאָסן זיין זייגער־מאַכער־געוועלבל און זיך געלאָזט איבער די כעלעמער גאַסן, צו די שטובן פון די קאָצקער חסידים. מיט אַ טרויעריק פּנים און מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער אַרומגעטראָגן אַ פּאַפּירל. אַז מענדל פרוכט האָט דערזען אַריינקומען קאָפּלען אין מיטן טאָג און אָנגעקוקט זיין פּנים, האָט ער באַלד פאַרשטאַנען, אַז אַ טרויעריק געשעעניש איז פאָרגעקומען. מענדל האָט גענומען דאָס פּאַפּירל אין האַנט אַריין.

— אַ טעלעגראַמע, פון פּילעווע? — פרעגט מענדל נאָך איידער ער לייענט דעם אינהאַלט.

— ער איז נסתלק געוואָרן!

פון מענדל פרוכט איז קאַפּל געגאַנגען צו מאיר בערישעס, דערנאָך צו גרשון זעליקס און צו אַנדערע קאָצקער חסידים. אַזוי אַרום איז שנעל פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די קאָצקער חסידים אין כעלעם די ידיעה וועגן דער פּטירה פון קאָצקער רבין ר׳ ישראל מאָרגנשטערן זצ״ל, וואָס האָט די לעצטע יאָרן געוווינט אין פּילעווע. די קאָצקער חסידים זענען דערשיטערט געוואָרן און יעדער, וואָס האָט נאָר געקענט, האָט געאײַלט צו פאָרן קיין פּילעווע, נישט צו פאַרשפּעטיקן די לוויה. מען האָט איבערגעלאָזט אַלץ אין מיטן דערינען, די געשעפטן, דאָס הויזגעזינד און מען איז אַוועק אין וועג אַרײַן.

אַלטע ייִדן, וואָס טראָגן נאָך אין זיך די זכרונות פון אַמאָליקן קאָצקער הויף ביי ר׳ מענדעלע זצ״ל, אויך די וואָס געדענקען דעם „מיטעלן״ קאָצקער רבי, ר׳ דודל זצ״ל, האָבן זיך אויסגעמישט מיט די ייִנגערע חסידים און מיט די ייִנגיטשקע קעסט־איידעמלעך און זיך באַהאָפטן ביים באַגלייטן דעם לעצטן קאָצקער רבי צו זיין אייביקער רו. אַ גרויסע זכיה האָבן געהאַט יענע, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק אָנצורירן די „מיטה״, צו העלפן טראָגן עטלעכע טריט דעם רבין אין זיין לעצטן וועג. טויזנטער ייִדן האָבן מלווה געווען דעם לעצטן קאָצקער רבין ר׳ ישראל מאָרגנשטערן זצ״ל.

אויך דער הימל האָט זיך אָפּגערופן צו דער לוויה פון גרויסן צדיק. פּונקט דעמאָלט האָבן די הימלען ווי באַהאָפטן זיך מיט דער ערד. שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט און אַ מבול־רעגן האָט געפּלייצט און פאַרגאָסן דעם המון־עם. די חסידים זענען גע־וואָרן דורכגעווייקט ביז צו די עצמות. די קולות וברקים פון די הימלישע שלאַקס־רעגנס, די דונערן און בליצן, האָבן זיך אויס־געמישט מיט די קולות פון תהילים און פון צידוק־הדין.

— דאָס איז אַ הספד פון דער בריאה אַליין — האָבן חסידים גערעדט.

— צו אַזאַ הספד מן השמים קענען נאָר זוכה זיין גרויסע

צדיקים און ישרי לב — ענטפערן אַנדערע חסידים — מען זעט דאָך באַשיינפּערלעך, אַז די הימלען זענען מרעיש עולמות פון גרויס צער.

אָבער ווען די כעלעמער קאָצקער חסידים זענען אַהיים געקומען פון פילעווע האָבן זיי מיטגעברענגט קיין כעלעם די שפּאַלטונג פון קאָצקער הויף. היות דער קאָצקער רבי ר׳ ישראל איז געווען געבענטשט, נישט בלויז מיט תורה און חכמה, נאָר אויך מיט קינדער, זענען דריי פון זיינע זין געוואָרן ממלא מקומו און אָנגעהויבן פראַווען טיש: איינער אין ליקעווע, אַ צווייטער אין פילעווע און אַ דריטער אין סאָקאָלאָוו. אויף די דריי וועגן האָבן זיך צעשיידט די קאָצקער חסידים. די כעלעמער זענען אויך אויף דעם געביט נישט אָפּגעשטאַנען. אַזוי אַרום איז אויך אין כעלעם אויפגעקומען דרייערליי קאָצקער חסידים מיט באַזונדערע שטיבלעך: פילעווער, סאָקאָלאָווער און ליקעווער.

און איצט גלייב איך, וועט שוין קלאָר זיין דער ענטפער אויף דער פראַגע: ווו איז דאָס קאָצקער שטיבל אין כעלעם?

סוף־סוף איז דער דובענקער יִיד אָנגעקומען אין אַ כעלעמער קאָצקער שטיבל אַריין, אָבער ווען ער איז אַהין אַריין איז שוין געווען נאָכן דאַווענען. דער דובענקער האָט, בלית ברירה, גענומען דאַווענען ביחידות. איידער ער לייגט טלית ותפילין, שטרעקט מען צו אים די הענט:

— שלום עליכם, פון וואַנען קומט אַ יִיד?

— פון דובענקע.

— זענט איר ערשט איצט געקומען? שוין אַ שעה צייט ווי איר האָט מיך געפרעגט און איך האָב אייך געוויזן ווו ס׳איז דאָס קאָצקער שטיבל.

— איר האָט מיך געשיקט אַהער, אָבער אַנדערע האָבן מיך געשיקט אַהין. איך האָב געבלאָנדזשעט ביי אייך אין כעלעם.

— ר׳ אברהמעלע, ר׳ גדליהו, איר הערט? — ווענדט זיך איינער אַ כעלעמער חסיד צו די מתפללים אין שטיבל — איר

הערט וואָס דער דובענקער ייִד דערציילט? די סאָקאָלאָווער האָבן אים געשיקט אין זייער שטיבל אַריין דאַווענען.

— אַ חוצפּה! — רופן זיך אָן אַנדערע פּילעווער חסידים — זיי מיינען, אַז זייער סאָקאָלאָווער שטיבל איז דאָס קאָצקער שטיבל.

— וואָס? — פרעגט דער דובענקער — דאָס איז נישט דאָס קאָצקער שטיבל פון די סאָקאָלאָווער חסידים? איך האָב דאָך טאַקע געמיינט דאָס ריכטיקע קאָצקער שטיבל, פון סאָקאָלאָווער חסידים! און איך האָב אַזוי פיל געבלאָנדזשעט אין כעלעם!

# אַרום דעם נדן פון ק״ן רובל

באַגינען, ס׳האָבן נאָר זיך באַוויזן סימנים פון קאַיאָר, איז שוין זעליק געשטאַנען אויף די פיס, אָפּגעגאָסן די נעגל, געזאָגט אַ ייִדיש וואָרט און אָנגעהויבן אַרומפּאָרען זיך אין שטוב. פּלוצלינג האָט ער געהערט אָנקלאַפּן אין לאָדן. ווער קען דאָס קלאַפּן אַזוי פרי? טראַכט ער זיך, און איידער ער באַזינט זיך, ווערט דאָס קלאַפּן שטאַרקער און באַגלייט מיט ווערטער:

— ר׳ זעליק, מאַכט אויף!

זעליק האָט דערקענט דאָס קול פון משה קאָטיק און ער מאַכט גלייך אויף די טיר. משה קאָטיק קומט אַריין אַן אָנגעפּעלצטער, ער ווישט זיך אָפּ די שטיקער אייז פון די וואָנצעס, פון דער באָרד, ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם דעם סוקמאַן־פּעלץ און צעפּאָכעט זיך מיט די הענט אַרום זיך.

— שלום עליכם, ר׳ זעליק!

— עליכם שלום, זעץ זיך אַנידער, רו זיך אָפּ אַ ביסל און וואַרעם זיך אָן — ענטפערט אים זעליק — אַ גאַנצע נאַכט האָסטו זיך געהוידעט אין דיין ביידל, אין אַזאַ פראָסט, נעבעך, אַזש פון וולאָדאַווע אָן.

משה קאָטיק זעצט זיך אַנידער.

— זאָג מיר, משה — פרעגט אים זעליק — וואָס הערט זיך עפּעס אין וולאָדאַווע?

— וואָס זאָל זיך הערן? גאָט זאָל העלפן. ס׳איז אַ שווערער קריזיס. דער בוג האָט זיך געשטעלט, די טראַטוועס שטעקן אין דער מיט וועג קיין דאַנציק, כמעט די גאַנצע האָלץ־בראַנזשע איז געפרוירן געוואָרן. די טאָרגן זענען אויך זייער שוואַכע, ווייל די

פויערים קומען וויניק אין שטאָט אַריין. בקיצור, וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען? אַלע קלאָגן זיך. איך האָב נעכטן גערעדט מיט יוסף חיים עסיק־מאַכער, מיט איצל שמילעס, מיטן סמאַראָווידלע־מאַכער, מיטן שטריקן־דרייער, אַפילו מיט די באַרנהאָלצעס — אַלע פאַרקלאָגן זיך אויף דער שווערער צייט.

— און מיט מיין מחותן האָסטו זיך נישט געזען?

— הערסט אַ מעשה! וואָס הייסט, איך האָב זיך נישט געזען מיט אייער מחותן? נישט איין מאָל האָב איך זיך מיט אים געזען, נאָר צוויי מאָל. איין מאָל אין גאַס און דאָס צווייטע מאָל בין איך תיכף נאָך מנחה־מעריב געווען ביי אים אין שטוב; איך האָב אים איבערגעגעבן אייער בריוו, און גערעדט מיט אים צו דער זאַך. וואָס זאָל איך אייך זאָגן ר׳ זעליק, איר האָט אַ טייערן מחותן — אַ בן תורה און אַ הייסער קאָצקער חסיד. נישטאָ קיין סך אַזעלכע יידן ווי ר׳ ישראל־אברהם פון וולאָדאַווע.

זעליק קוקט אים אין מויל אַריין ווי ער רעדט אַרום דעם ענין, אָבער נישט לענין גופא. איז שוין זעליק אומגעדולדיק און ער רייסט אים איבער די רייד.

— וואָס הייסט, האָסט גערעדט מיט אים צו דער זאַך? פאַר וואָס רעדסטו נישט צו מיר צו דער זאַך?

— הערסט אַ מעשה? נאָך וואָס דען בין איך געקומען אַזוי פרי אָנקלאַפּן אין לאָדן? איך דערצייל דאָך אייך; איך בין געזעסן ביי אייער מחותן עטלעכע שעה, איך האָב אַפילו דאָרט אויסגע־טרונקען עטלעכע גלעזער טיי, און מען האָט כסדר גערעדט וועגן דער חתונה, זאָגט איר גאָר, אַז איך רעד נישט צו דער זאַך. וועגן וואָס דען בין איך געזעסן דאָרט אַזוי פיל שעהען און געשמועסט? איך קען אייך נאָר זאָגן בקיצור, מיט איין וואָרט: אַז אין וולאָדאַווע גרייט מען זיך צו דער חתונה מיט אַלע כלים. מען האָט מיר אַפילו געוויזן דעם אויסשטייער פאַר דער כלה. אויך די סחורה וואָס מען האָט גענומען אויף אויסצוצאָלן, אויף דעם חופה־קלייד, האָב איך אַליין געזען. ס׳איז אַזאַ שיינע סחורה, אַז ס׳פאַרנעמט ממש די אויגן.

זיי וועלן דאָס אָװעקגעבן צו דער בעסטער שניידערין אין װאָלאָדאַװע אויפּצוניייען דאָס חופּה־קלייד.

— הייסט דאָס, אַז אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג ? — פרעגט איבער זעליק.

— וואָס הייסט אין בעסטן אָרדענונג ? — ענטפערט משה קאָטיק מיט אַ פראַגע אויף אַ פראַגע — ווו האָט איר דען געזען ביי ייִדן, אַז אַלץ זאָל זיין אין בעסטן אָרדענונג ? איר ווייסט דאָך ווויל, אַז אַלץ אין איינעם איז נישטאָ ביי קיינעם. ס'וואָלט אַלץ געווען גוט און פיין, מאַכט זיך אַ מעשה, אַז זי איז, לא עלינו, קראַנק געוואָרן. זי הוסט און קען דעם אָטעם נישט אָפּכאַפּן. זי גייט אַרום מיט קאָפּשווינדל, שלאָפט נישט די נעכט און האָט נישט קיין אַפּעטיט צו עסן ביי טאָג. איז דען אַ וווּנדער וואָס זי פאַלט פון די פיס ?

דערהערנדיק די „גוטע״ בשׂורה, איז זעליקן אַדורך אַ שוידער איבערן קערפּער.

— פאַר וואָס גייט זי נישט צו אַ רופא ?

— זי לייגט דאָס אָפּ אויף נאָך דער חתונה.

— שוין לאַנג, אַז זי איז קראַנק געוואָרן ? — פרעגט איבער זעליק.

— פון באַלד, נאָך די תּנאים אָן — ענטפערט משה קאָטיק און ער גיט צו : — אָבער פון דעמאָלט אָן איז איר געוואָרן אַ סך ערגער, לא עלינו.

— טאָ ווי אַזוי גייט זי חתונה האָבן ? — פרעגט שוין זעליק מיט אַ בייזער פון אומגעדולד.

— פו, צו די שונאימס קעפּ ! — שפּייט אויס משה קאָטיק אין אַ זייט אַריין — זי גייט דען חתונה האָבן ? איר טאָכטער איז דאָך די כּלה. איך רעד פון אייער מחותּנתטע, פון ישׂראל אברהמס ווייב, פון צירלען רעד איך דאָך, און איר מישט אויס די יוצרות. איר מיינט, אַז איך רעד פון דבורה־גיטלען, די כּלה ? דבורה־גיטל איז דאָך יונג און שיין, הלוואי אויף אַלע ייִדישע קינדער געזאָגט גע־וואָרן, קיין בייז אויג זאָל איר נישט שאַדן.

— אַז מען רעדט האַלבע ווערטער, מען קען דאָך נישט אַרויס־באַקומען דעם אמת. איך הער, אַז מען גרייט זיך דאָרט צו דער חתונה, און תּוך כּדי דיבור דערציילסטו מיר זייטיקע זאַכן, וואָס האָבן גאָרנישט קיין שייכות צו דער עיקר זאַך.

— וואָס רעדט איר, ר׳ זעליק? איר קענט זאָגן אויף מיר, אַז איך רעד זייטיקע זאַכן? איך דערצייל דאָך אייך אַלץ צום עצם ענין, צום סאַמע תּוך פון דער זאַך. אַלץ איז דאָך אין לעבן גע־קניפּט און געבונדן, נישט אַזוי? אַז דער טערמין פון דער חתונה רוקט זיך אָן — איז דאָך לענין, און אַז אין וולאָדאַווע איז אַ שלעכטע צייט, יידן גייען אַרום אָן פּרנסה — איז דאָך אויך קלאָר. אייער מחותן אַליין איז דאָך אַ האַלץ־סוחר, פּילט ער דאָס אויך אָפּ.

— איז וואָס איז מיטן נדן, מיט די ק״ן רובל? ענטפער מיר צו דער זאַך, אויף דעם וואָס איך פרעג דיך.

— יאָ, וועגן דעם, ר׳ זעליק, זענט איר טאַקע גערעכט. דאָס איז טאַקע דער טשוואָק פון דעם ענין. אָבער איך בין דאָך בלויז אַ שומר חינם, אַ בריוועלע אַהין, אַ בריוועלע אַהער, קיין פּרנסה האָב איך נישט דערפון. איך האָב איצט אויך מיטגעבראַכט אַ בריוו פון אייער מחותן, אַ תּשובה אויף אייער בריוו.

ביי די לעצטע ווערטער האָט זיך משה קאַטיק אויפגעשטעלט און אָנגעטאָן צוריק דעם סוקמאַן צום אַוועקגיין. פון אַ טיפן בוזעמ־טאַש האָט ער אַרויסגענומען און דערלאַנגט דעם בריוו פון וולאָדאַ־ווער מחותן, און שנעל זיך געזעגנט:

— אַ גוטן טאָג, ס׳זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה, מיט געזונט, פּרנסה און נחת!

שיינטשע האָט אויסגעהערט אַלץ, וואָס משה קאַטיק האָט גע־רעדט מיט איר זעליקן, אָבער זי האָט געשוויגן, כאָטש זי איז געוואָרן אויפגערעגט און אומגעדולדיק, דאָך האָט זי זיך באַהערשט. אַזוי לאַנג האָט זי געשוויגן — ביז איר זון מעכעלע, דער חתן,

האָט געגומען די תּפילין און אַוועקגעגאַנגען דאַוונען. ווי נאָר דער חתן איז אַרויס פון שטוב, האָט זי געפרעגט:

— וואָס שרייבט ער דאָרט אין בריוו, דיין וולאָדאַווער מחותּן?

— עט, גאָרנישט, נאַרישקייטן. מליצות מיט מליצות, ווינטשע־וואַניעס מיט יידישן בטחון צום רבונו של עולם.

— אָבער וואָס פירט ער אויס? — פרעגט שיינטשע שוין אומגעדולדיק.

— איך זאָג דאָך דיר, וואָס ער שרייבט. און פירן פירט ער אויס, אַז זיי גרייטן זיך צו דער חתונה און ער וועט מיט מיר דורכ־שמועסן וועגן אַלע ענינים בפרטיות די צווייטע וואָך, ווען ער וועט אם ירצה השם זיין אין כעלעם.

— און וועגן דעם נדן, די ק"ן רובל, דערמאָנט ער גאָרנישט?

— נו, וועגן דעם, זעט אויס, שרייבט ער דאָך, אַז ער וועט שמועסן מיט מיר. וואָס דען האָט ער אַזוי פיל צו רעדן מיט מיר?

שיינטשע האָט די לעצטע ווערטער זעליקס אויפגענומען מיט אויפרעגונג, און זי האָט פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל זיין שטאַנדהאַפטיק, ער זאָל רעדן מיטן מחותּן דרייסטער.

— זעליק, האָט זי געזאָגט צו אים — מיר געפעלט נישט די זאַך, איך זאָג דיר, אַז ער וויל געבן אין נדן אַריין זיינע מליצות. וואָס, אַנשטאָט די ק"ן רובל וועט ער גאָר געבן מליצות? מיט דעם קען מען גאָרנישט קויפן.

— ער וועט זיין די צווייטע וואָך, וועסטו דאָך אויך קענען רעדן מיט אים.

— איך זאָל גאָר רעדן מיט דיין מחותּן, דעם קאָצקער חסיד? מאַנספאַרשוין מייגער! כעלעמער מחותּן, ווו ביסטו? דו דאַרפסט זיך נישט אַריינלאָזן מיט אים אין קיין פוסטע שמועסן, ווי מיט משה קאָטיקן, אָפּן זאָלסטו אים זאָגן: אַז מען זאָגט צו ק"ן רובל נדן, מוז מען ציילן! קלאָרע דיבורים זאָלסטו רעדן מיט אים, וואָס איז דאָס אַ קינדערשפּיל? איך זאָל וויסן, אַז דער שידוך זאָל...

ביים לעצטן וואָרט האָט שיינטשע זיך „פאַרהאַקט" אין די רייד,

זיך צוריקגעהאַלטן פון צו פאַרענדיקן. באַלד האָט זי אָבער נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט די זעלבע ווערטער מיט אַן אויסגעבעסערטן נוסח, אַ פאָרזיכטיקערן, צוגעבנדיק דאָס וואָרט „חלילה״.

— איך זאָל וויסן, אַז דער שידוך זאָל, חלילה, אָפּגיין, וועל איך זיך נישט לאָזן אַראָפּפירן פון וועג.

אַ גאַנצע וואָך האָט שיינטשע אַזוי גערעדט מיט זעליקן וועגן די ק״ן רובל, ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו רעדן מיטן מחותּן שטרענג און קלאָר. זעליק האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך האַלטן שטאַנד־האַפטיק, נישט אַריינלאָזן זיך אין זייטיקע שמועסן, נאָר פאָדערן דעם צוגעזאָגטן נדן פון הונדערט און פופציק רובל, קיין איין קאַרבאָן זאָל נישט פעלן!

— און אויב נישט? — פרעגט שיינטשע איבער זעליקן.

אַ מינוט איז זעליק פאַרטראַכט, באַלד ענטפערט ער איר מיט די זעלבע ווערטער, ווי זי אַליין:

— און אַז נישט? וועל איך אים זאָגן אָפּן: אַז נישט, וועלן מיר, חלילה, אָפּלאָזן דעם שידוך.

די צווייטע וואָך איז ישראל־אברהם געקומען צו פאָרן קיין כעלעם, ווו ער האָט דערליידיקט מיט אַ כעלעמער האָלץ־סוחר אַן אַלטן חשבון, און נאָך דעם ווי ער האָט געדאַוונט מנחה־מעריב, איז ער געגאַנגען צו די מחותּנים. אַריינגעקומען, האָט אים זעליק געגעבן די האַנט:

— שלום־עליכם, מחותּן — האָט ישראל־אברהם געהאַלטן זעליקס האַנט און געקוקט צו שיינטשען:

— עליכם־שלום, מחותּנים — פון אונטער זיין הויכן שטערן און די געדיכטע דיקע ברעמען האָבן אַרויסגעקוקט די גרויסע אויגן אַזוי מילד, מיט אַזאַ היימיש שמייכעלע:

— ווו? ווו איז ער? ווו איז מעכעלע, אונדזער חתן?

זיין אַריינקומען און זיינע ווערטער האָבן עפּעס אַזוי באַצויבערט שיינטשען, אַז די שטימונג ביי איר האָט זיך תּיכף געענדערט, אַזוי

ווי מען וואָלט איר אַ כּישוף, חלילה, אָפּגעטאָן. דאָס אַלץ, וואָס זי האָט איינגעחזרט מיט איר זעליקן וועגן די ק״ן רובל נדן, איז עפּעס מיט איין מאָל אויסגערונען געוואָרן, געבליבן איז בלויז דאָס איינע וואָרט — „חלילה״. דער כּעס איז פאַרביטן געוואָרן מיט אַ וואַרעמער צופרידנקייט. זי האָט זיך פאַרוויטלט פון בושה פאַר זיך אַליין דערפאַר, וואָס זי האָט גערעדט מיט איר זעליקן אַזעלכע רייד.

— זעצט זיך, מחותּן! — שיינטשע האָט מיט אַ שמייכעלע דערלאַנגט פאַר אים אַ שטול צום טיש — מעכעלע לערנט אַ ביסל נאָך מעריב־דאַווענען. אין אַ שעה אַרום וועט אונדזער חתן אַוודאי אַריינקומען.

באַלד איז זי אַריינגעגאַנגען אין קיך אַריין צוגרייטן כּיבוד צום טיש. זעליק אָבער איז געווען מער אויסגעהאַלטן: ווי נאָר דער וואָלאָדאַווער מחותּן האָט זיך אַנידערגעזעצט, האָט ער שוין אָנגע־הויבן פאַרפירן מיט אים דעם שמועס, כּדי צוצוקומען צו דעם ענין מיט די ק״ן רובל נדן.

— וואָס הערט זיך עפּעס ביי אייך אין וואָלאָדאַווע? — עפּעס האָט מיר משה קאָטיק דערציילט גאָרנישט קיין פריילעכע זאַכן פון וואָלאָדאַווע.

— הערט זיך איין, מחותּן — הייבט אָן ישראל־אברהם זיין ענטפער. דערביי נעמט ער זיין ברייטע באָרד אין האַנט אַריין, גלייכט זי אויס און אַקצענטירט די ווערטער, וואָס ווערן ביי אים געמאָסטן און געוווּיגן, ער קוקט דעם כעלעמער מחותּן גלייך אין די אויגן אַריין: דאָס גיט ער צו צו זיינע רייד דעם באַדייט פון „דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב״. — הערט אייך איין, מחותּן. מיר זענען דאָך מחותּנים און ס׳האַלט שוין, מיט השם יתברכס הילף, נאָענט צו דער חתונה, איז נאָך וואָס זאָלן מיר איבערחזרן די טרויעריקע רייד, וואָס משה קאָטיק האָט דערציילט? די טרויעריקע זאַכן דאַרפן מיר איצט לאָזן אין אַ זייט און אַרומרעדן בלויז די גוטע זאַכן מיט אַ פולן בטחון.

זעליק איז געבליבן אַ מינוט פֿאַרטראַכט און געזוכט די ריכ־טיקע ווערטער ווי אָפּצוענטפֿערן און צוקומען צו רעדן וועגן די ק״ן רובל נדן, אָבער אין דער מינוט, וואָס זעליק האָט געוואָלט ממשיך זיין דעם שמועס, איז שיינטשע אַרייַנגעקומען און געשטעלט כיבוד צום טיש, און דערביי האָט זי אַליין אַוועקגעפֿירט די רייד פֿון דעם ענין, וועגן וואָס זי האָט מיט איר זעליקן אַזוי גענוי אָפּ־געשמועסט.

— טרינקט אַ גלאָז טיי, מחותּן! וואָס מאַכט עפּעס די מחותּנתטע? — אַזוי האָט שיינטשע אָנגעהויבן דעם שמועס מיטן וולאָדאַווער מחותּן, און דער שמועס האָט זיך פֿאַרצויגן. מען האָט גערעדט פֿון אַלץ און אַלעם, מען האָט שוין אַפֿילו אָנגעהויבן רעדן וועגן דער חתונה גופֿא, גלייך ווי שיינטשע וואָלט אַלץ אין איין מאָל פֿאַרגעסן, וואָס זי האָט אָפּגעמאַכט מיט איר זעליקן, אַזוי ווי ס׳וואָלט אין גאַנצן נישט עקזיסטירט קיין נדן אויף דער וועלט. האָט אָבער זעליק זיך אָנגענומען מיט מוט און איבערגעריסן אין מיטן די רייד:

— און וואָס הערט זיך מיט די ק״ן רובל נדן?

ישׂראל־אברהם האָט זיך אָבער דאָס מאָל אויך נישט פֿאַרלוירן, ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס און גערעדט פֿון שׂכל הישר, פֿון שותּפֿות־גורל. ער האָט ווידער גענומען די באָרד אין האַנט אַריין און נאָך אַ מאָל געציילט די ווערטער:

— מיר זענען דאָך מחותּנים, פֿאַר וואָס זאָלן מיר זיך מצער זיין? מיט השם יתברכס הילף, וועלן דערווייל די קינדער עסן ביי מיר. און דערנאָך? ווייסט איר דאָך גאַנץ גוט, אַז די כּלה איז ביי אונדז דאָס יינגסטע קינד. פֿרעג איך אייך אַליין, פֿאַר וועמען איז אַלץ, אַז נישט פֿאַר דבורה־גיטלען? אונדזער גאַנץ לעבן איז דאָך פֿאַר די קינדער!

אין מיטן די שמועסן איז דער חתן אַרייַנגעקומען, ער האָט זיך באַגריסט מיטן מחותּן:

— שלום עליכם, מחותּן!

— וואָזשע מאַכסטו עפּעס, מעכעלע? — פרעגט ישראל־אברהם מיט אַ ליבלעך שמייבעלע.

מעכעלע לאָזט אַראָפּ די אויגן פאַרשעמט, ער רעדט גאָרנישט, ער פאַרלאָזט זיך אויף זיינע עלטערן. זיי רעדן אַזוי פיל, אַז ס'סטייעט אויך פאַר זיינעט וועגן. דערווייל איז אויך משה קאָטיק אַריינגע־קומען.

— גוט ב'אָוונט, מחותּנים! האַלט מיר נישט אויף מיין פּאַסאַ־זשיר, האָט ער זיך געווענדט צו שיינטשען און זעליקן.

— ישראל־אברהם! ס'איז שוין שפּעט, איר ווילט אַהיימפאָרן? איך פאָר שוין.

דער וולאָדאַווער מחותּן האָט זיך געזעגנט מיט די כעלעמער מחותּנים, מיטן חתן און איז אַהיימגעפאָרן.

די חתונה איז, אין אַ מזלדיקער שעה, פאָרגעקומען צו דער צייט.

די מעשה וועגן דעם צוגעזאָגטן נדן פון ק״ן רובל האָט זיך נאָך געצויגן זייער לאַנג. דאָס פאָרפאָלק האָט שטענדיק וועגן דעם דערציילט און זיך געוויצלט און אַפילו מיט זייערע קינדער גע־שפּאַסט, ווען זיי זענען צום שׂכל געקומען. אַזוי אַרום זענען די קינדער אויך געוואָרן לעבעדיקע עדות, אַז צוליב די ק״ן רובל נדן, איז דער שידוך, „חלילה״, נישט אָפּגעגאַנגען.

# ר׳ אברהמעלע שוחט

אינעם קליינעם צימער איז שוין ענג פון מענטשן, מער ווי אַ מנין ייִדן. אַלע זענען געקומען צו דער שמחה אָנגעטאָן אין די בגדי שבת. ביים פענצטער אויפן טישל, וואָס איז פאַרשפּרייט מיט אַ ווייס טישטעך, איז אַוועקגעשטעלט פון כל־טוב: י״ש און פאַרבייסן, וויין און זיסוואַרג, פּרוכטן און ניס. אַ קאָלירטע קאָלדרע איז אין מיטן שטוב פאַרהאָנגען; דאָס איז די מחיצה צווישן די פאַרזאַמלטע ייִדן צו דער שמחה — פון דער זייט און דאָס בעט, ווו עס ליגט די קימפּעטאָרין מיטן ניי־געבוירענעם נפשל — פון יענער זייט. אין אַ ווינקל פון צימער זענען אויך פאַראַן עטלעכע פרויען פון די נאָענטסטע קרובים — אַן „עזרת־נשים״. די פאַרבעטענע געסט האָבן בדעה באַלד דערנאָך צוריקצוגיין יעדערער צו זיינע געשעפטן. דאָך מוז מען נאָך וואַרטן, כאָטש אַלע זענען שוין גרייט: אַלע בעלי שמחה, צוזאַמען מיטן בחורל, וואָס איז שוין מיט מזל אַלט געוואָרן 8 טאָג. די כסא־הרכבה איז וויך אויסגעבעט, מען האָט שוין אויך באַשטימט די כיבודים פאַר די חשובסטע־נאָענטסטע קרובים. בלויז ער, דער וואָס איז מכניס לבריתו של אברהם אבינו, איז נאָך נישט געקומען. ענדלעך קומט מען אַריין מיט דער גוטער בשׂורה: — ער גייט!

— גוט מאָרגן, ר׳ אברהמעלע! פאַר וואָס לאָזט איר אונדז וואַרטן אַזוי לאַנג? — פרעגט אים גרשון.

— איך בין נישט שולדיק — ענטפערט ער מיט אַ שמייכל.

— ווער דען איז שולדיק? דער רב, די רביצין?

— די קאַפּאָטע מיינע, זי איז אין דעם אַלעם שולדיק.

— די קאַפּאָטע איז גאָר אין אַלעם שולדיק! — ווערט אַ געלעכטער.

— לאַכט נישט אויס די מעשה, וועל איך אייך אויפקלערן דעם תוכן — הייבט אָן אברהמעלע שוחט ערנסט — אַז איך טו אָן אָט אָ די שבתדיקע קאַפּאָטע מיינע אין אַ וואָכנטאָג, דערקענט שוין יעדערער וועגן וואָס איך גיי, אַז איך גיי נישט אין שעכטהויז אַריין, נאָר, להבדיל, צו אַ ברית־מילה, איז ביז וואַנען איך בין געקומען צו אייך, דאָ אַהער לעבן טייך, האָט מען מיך שוין אָפּ־געשטעלט אפשר זעקס מאָל: „גוט מאָרגן, ר׳ אברהמעלע! ביי וועמען איז היינט אַ ברית?” מוז איך דאָך מיט יעדן זיך אָפּשטעלן אויף אַ פּאָר מינוט, רעדן אַ פּאָר ווערטער און אַזוי גייט אַדורך די צייט. איצט פאַרשטייט איר שוין, פאַר וואָס מיין שבתדיקע קאַפּאָטע אין אַ וואָכנטאָג איז אַ מסור און גזלט מיר אַוועק די צייט?

נאָך דעם ווי דאָס אַכטטאָגיקע נפשל האָט דערפילט די ערשטע בלוטיקע ייִדישע יסורים, האָט ער רעאַגירט מיטן גאַנצן כוח פון זיין פּריש צאַפּלדיק לעבן, מיט אַלאַרם־געשרייען: „הו־האַ, הו־האַ!” אָבער ר׳ אברהמעלע טוט זיך דאָס זייניקע רויִק און זאַכלעך, לויט אַלע כללים פון דער הלכה. איז ער דאָך שוין זינט יאָרן מכניס לבריתו של אברהם אבינו די כעלעמער ייִדישע קינדערלעך.

„ויקרא שמו בישראל... ואמר לך בדמיך חיי, ואמר לך בדמיך חיי”.

— מזל טוב! מזל טוב!...

נאָך דעם ווי דער עולם ליידיקט אָפּ דאָס טישל פונעם כיבוד און מען ווינטשט דעם בעל־ברית „לגדלו לתורה לחופה ולמעשים טובים”, גייט מען צו, איינציקווייז, צו דער קאָלדרע, מען בייגט עטוואָס אַוועק דעם קאַנט, און דורך אַ שמאָלער עפענונג קוקט מען אַריין צו דער קימפּעטאָרין, וועלכע לינדערט דעם קינדס יסורים מיט איר מילך:

— מזל טוב! דבורה־גיטל, מזל טוב!

# יוסף־אהרן דער גרויסער

יוסף־אהרן וויל זיין אַ גרויסער סוחר. אַ גרויסער פֿאַבריקאַנט, אַ גרויסער באַנקירער, אַ גרויסער פּאַדריאַטשיק, אַ גרויסער וואָ־יאַזשאָר. אַלץ, וואָס ער שטעלט זיך פֿאָר צו ווערן, דאַרף זיין אויפֿן גרויסן פֿאָרמאַט. דערווייל עסט ער קעסט ביי זיין שווער און שוויגער, ביי לייביש וואַטע־מאַכער און גאָלדעלע, אָבער אַז דאָס יאָר פֿון קעסט וועט זיך אם ירצה השם ענדיקן, וועט ער זיך נישט נאַריש מאַכן צו ווערן אַ קליינער קרעמער, צו פֿאַרקויפֿן פֿאַר אַ גראָשן אַ שטיקל הערינג אָדער פֿאַר אַ צווייער אַ בייגל. ער גלייבט זיך אויך נישט פֿאָר צו ווערן עפּעס אַ בעל־מלאכהלע, אויסצוקוועטשן מיט די אייגענע צעז פֿינגער דעם לחם צר ומים לחץ חס ושלום, אַזוי ווי אַלע כּעלעמער בעל־מלאכהלעך, דאָס קומט נישט אין באַ־טראַכט. מילא איצט, ווי לאַנג מען עסט קעסט, דאַרף ער דאָך גאָר־נישט זאָרגן. אָבער אַז השם יתברך וועט העלפֿן, דאָס יאָר וועט מיט מזל זיך פֿאַרענדיקן, וועט ער אַלץ מאַכן אויפֿן גרויסן פֿאָרמאַט. אַזוי האָט ער זיך פֿאַרגעשטעלט.

דערווייל פֿילט זיך יוסף־אהרן ווי אַ פֿויגל מיט געבונדענע פֿליגל. ער איז איינגערעמט אין דעם שווער און שוויגערס הויז, ווו ער מיט זיין רבקהן עסט קעסט. דאָס איינציקע אָרט, ווו ער פֿילט זיך פֿרייער, איז דאָס חסידים־שטיבל, דאָרט קומט ער כּסדר עטלעכע מאָל אין טאָג און פֿאַרברענגט מיט דער פֿריינדלעכער געזעלשאַפֿט, צוגעפּאַסט אַקוראַט צו אים. אַזוי לעבט זיך יוסף־אהרן זאָרגלאָז, אַפֿילו די וואָכנטעג זענען פֿאַר אים אויך יום־טוב־טעג. ווען ער שטייט אויף אין דער פֿרי, גייט ער אין שטיבל אַריין דאַווענען, געקומען פֿון דאַווענען, וואַשט ער זיך צו שאו ידיכם,

זעצט זיךביים צוגעגרייטן טיש און עסט בנעימות מיט אַ יונגן אַפּעטיט. נאָכן עסן און בענטשן כּדת וכדין גייט ער ווידער אין שטיבל אַריין לערנען. אַ ביסל לערנט מען, אַ ביסל שמועסט מען חסידות, אָדער סתּם אַזוי זיך דברי חולין.

אין שטיבל קען מען יוסף־אהרנען פּאַר אַ יונגערמאַנטשיק צו גאָט און צו לייט. נישטאָ קיין איין קידוש אין שטיבל, אַז יוסף־אהרן זאָל זיך אין אים נישט באַטייליקן מיט הוצאות. מיט אָפענע הענט לאָזט ער זיך קאָסטן און ווייזט אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע קעסט־יונגעלייט. כאָטש לעת עתּה פּירט ער נישט קיין געשעפטן, און פאַרדינט דערווייל נישט אַפילו קיין צעבראָכענעם צווייער. ער האָט ביי זיך בלויז דאָס טשעקביכל פונעם נדן, הונדערט רובל. איז ער אָבער נישט פויל, אויב מען דאַרף, אַרויסצונעמען פון באַנק אַ רובל־צוויי, אָדער אַ מאָל אַפילו אַ פינפער אויך. און קידושימלעך אָרדנט מען אָפט איין אין שטיבל. צי דאָס איז ביי דער געלעגנהייט פון אַ רבישער יאָרצייט, אָדער אַן אַנדער יומא דפּגרא. אין דער חנוכה־וואָך און אין „ניטל" איז יוסף־אהרן אויך טיכטיק אין שטיבל ביים קאָרטן־שפּילן. אַזעלכע אָוונטן פון קידוש, אָדער להבדיל, קאָרטן־שפּילן, פאַרציִען זיך ביז האַלבער נאַכט.

שווער איז אָבער דאָס לעבן פון יוסף־אהרנס שווער, לייביש וואַטע־מאַכער. אַ גאַנצן טאָג, פון באַגינען ביז אין דער שפּעטער נאַכט, איז ער פאַרהאָרעוועט אין זיין וואַטע־פאַבריקל. קוים אָפּ־געדאַוונט און עפּעס איבערגעקייט — קלאַפּט ער שוין די וואַטע מיט זיין גאַנצן כוח און מוח. מען זעט די וואַטע־שטויב אויף זיין אָנטאָן, און אַפילו ווען ער הוסט און שפּייט, איז דאָס אויך מיט וואַטע. בלויז אַ מאָל אָדער צוויי אין דער וואָך שטעלט ער אָפּ די אַרבעט אין מיטן טאָג אויף עטלעכע שעה, ווען ער דאַרף גיין דערליידיקן זיינע חשבונות אָדער איינמאָנען די חובות ביי די טאַנדעטניקעס.

נאָך דער חתונה פון זיין רבקהן האָט לייביש וואַטע־מאַכער געמיינט, אַז ווען דער איידעם וועט זיך צוגעוויינען אין שטוב צו

זייער לעבן, וועט ער אויך אָנהייבן זיך פֿאַראינטערעסירן אַ ביסל אין זיין וואַטע־פֿאַבריקל. ער וועט זיך וועלן אויסלערנען די אַרבעט, במילא וועט ער אים אַ ביסל צוהעלפֿן און עטוואָס לייכטער מאַכן. איז אַוועקגעגאַנגען צוויי חדשים צייט און דעם יונגן מאַן איז אָנגעגאַנגען זיין שווערס אַרבעט אַזוי ווי דער פֿאַראַיאָריקער פֿראָסט. דעמאָלט האָט לייביש וואַטע־מאַכער אָנגעהויבן רעדן, אַרויסבאַרענגען זיינע געדאַנקען פֿאַר גאָלדעלען:

— ס'וואָלט גאָרנישט געשאַדט ווען אונדזער איידעם וואָלט אַ ביסל צוגעאַרבעט.

גאָלדעלע האָט געפֿילט ווי גערעכט ער איז, זי האָט אָבער בישט געוואָלט מיט איין מאָל פֿלוצלינג איינרייסן, פֿאַרערגערן די באַציִונג מיט דער טאָכטער און איידעם — האָט זי אים געענטפֿערט:

— האָסט צוגעזאָגט אַן איידעם קעסט, ווילסטו ער זאָל שוין אַרבעטן?

— ס'איז דען אַ שאַנדע? — פֿרעגט איר לייביש — איך פֿאַרלאַנג דען פֿון אים, אַז ער זאָל גיין אַרבעטן אין דער פֿרעמד ביי אַ שוסטער אָדער אַ שניידער, חלילה? איך מיין בלויז, אַז ער זאָל אַ ביסל זיך צולערנען מאַכן וואַטע.

גאָלדעלע האָט פֿון דעמאָלט אָן דאָס געדריקט אין זיך. אין שטוב איז געווען שטיל, אויבערפֿלעכלעך האָט זיך דאָס לעבן געפֿירט נאָרמאַל, אָבער גאָלדעלע האָט זיך אַרומגעדרייט ווי צווישן צוויי וועלטן, צוויי קעגנזעצלעכע כוחות אין דעם זעלבן הויז. פֿון איין זייט — איר לייביש, וואָס איז גאַנצע טעג פֿאַרהאָרעוועט, איינגעטונקען אין וואַטע־שטויב, פֿאַריאָגט און פֿאַרנומען פֿון גאַנץ פֿרי ביז שפּעט ביי נאַכט, פֿון דער צווייטער זייט — דער יונגערמאַנטשיק, דער איידעם, וואָס איז אַ בן־בית, גייט זיך אַרום אויסגעפּוצט, עסט און טרינקט און לעבט זיך, גלייך ער וואָלט געווען אַ גראַפֿס אַ זון אָדער אַ מיליאָנערס אַן איידעם. האָט גאָלדעלע איין מאָל איבערגערעדט וועגן דעם ענין מיט זייער טאָכטער.

— רבקהלע, ווייסט וואָס מיר איז איינגעפֿאַלן? ס'וואָלט געווען

אַ גלייכע זאַך, אַז יוסף־אהרעלע זאָל אַריינגיין אויף אַ שעה־צוויי ביי טאָג אין פאַבריק אַריין זיך אויסלערנען מאַכן די וואַטע. צוויי זאַכן איז דערביי: ערשטנס, איז אַ רחמנות אויפן טאַטן; ער וואָלט דאָך געקענט אים אַ ביסל צוהעלפן. צווייטנס, וואָלט ער זיך טאַקע אויך אויסגעלערנט די אַרבעט. די צייט לויפט, אַז דער אויבערשטער וועט העלפן און דאָס יאָר פון קעסט וועט זיך מיט מזל ענדיקן — זאָל ער אַליין קענען פאַרדינען אויף פרנסה.

רבקה האָט ביים ערשטן וואָרט באַלד פאַרשטאַנען וואָס די מוטער וויל איר זאָגן, דאָך האָט זי איר אויסגעהערט ביזן סוף.

— דו מיינסט — האָט רבקה געענטפערט דער מוטער — דו מיינסט, אַז איך הער נישט און פיל נישט, וואָס ס׳טוט זיך אַרום מיר? דו מיינסט, אַז איך רעד נישט מיט אים? זאָלסט וויסן, מאַמע, אַז ס׳איז אַזוי לאַנג גוט און וויל צווישן אונדז, ביז איך רעד נישט וועגן תכלית. הייב איך אָן רעדן וועגן די זאַכן, בלאָזט ער זיך אָן און פליט אין די הויכע הימלען אַריין: עס פאַסט אים נישט צו זיין קיין קליינער פאַבריקאַנט. ער וויל זיין אַ גרויסער! ער וויל נישט הערן און געדענקען וועגן פאַרנעמען זיך מיט וואַטע. דאָס האָט ער מיר ערשט נעכטן געזאָגט: „מיין צייט, מיין כוח און מוח, וויל איך נישט פטרן מיט וואַטע״. זאָל איך זיך מיט אים נעמען קריגן?

— ניין, חלילה, ניין רבקהלע, קריגן זיך מיט אים זאָלסטו נישט.

דאָס אַלץ איז אָבער געשען אינעם שטילן אינטימען קרייז. אויסערלעך האָט זייער משפחה־לעבן זיך אויסגעוויזן אידיליש און פולקום. אַזוי איז די צייט געלאָפן. רבקה האָט געהאַלטן אין איין שמועסן מיט איר מאַן וועגן תכלית און גלייכצייטיק האָט זי אויך געציילט די „חדשים״, אַזוי לאַנג, ביז זי האָט שוין אָנגעהויבן ציילן די „הויכע חדשים״. וואָס ווייטער, האָט זי אַלץ ווייכער גערעדט מיט יוסף־אהרנען. דעם ביטערן טעם האָט זי אָפטער פאַרשלייערט מיט וויצן.

— יוסף־אהרעלע, דו וועסט אם ירצה השם זיין אַ גרויסער

פאַבריקאַנט. נישט פון קיין וויגאַניע־וואַטע, חלילה, דאָס נישט, אויך נישט פון קיין בוימוואָל־וואַטע, נאָר פון ריינער ווייס־וואָלענער וואַטע פון בעסטן סאָרט. אויף עקספּאָרט, אויפן גרויסן פאָרמאַט.

— וואָס, וואַטע? דו ווילסט מיך שוין ווידער איינפּאַקן אין וואַטע? איך בין נאָך נישט משוגע געוואָרן.

— נאָר וואָס דען? דו ווילסט זיין אַ גרויסער סוחר?

יוסף־אהרן האָט איר געענטפערט מיט אַ שמייכל. מיט גרויס הנאה האָט ער איבערגעחזרט: „אַ גרויסער סוחר". ער האָט אויס־געבעכנט מיט וואָס ער וועט האַנדלען. אַלץ, נאָר נישט מיט קיין וואַטע. ביי וואַטע קען מען נישט רייך ווערן.

— וואָס רעדסטו? זע נאָר, יוסף־אהרעלע, טאַקע פון דער וואַטע האָט מיין טאַטע געקויפט דאָס הויז, די פאַבריק, אַלע יאָרן געפירט דאָס הויזגעזינד, הלוואי אויף אַלע ייִדישע קינדער נישט ערגער. ער מאַכט חתונה די טעכטער, גיט נדנען מיט קעסט, אַלץ פון דער וואַטע.

אָבער פון די אַלע רייד איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. יוסף־אהרן איז געבליבן ביי זיינס. די „חדשים" האָבן זיך מיט מזל פאַר־ענדיקט, נאַטירלעך מיט 3 חדשים פריִער איידער ס'האָט זיך פאַרענדיקט דאָס יאָר פון קעסט, און יוסף־אהרן איז ברוך השם געוואָרן אַ טאַטע. אָבער דאָס לעבן אין שטוב האָט זיך נישט גע־ענדערט, יעדער איינער האָט זיך ווייטער געפירט ווי פריִער: לייביש וואַטע־מאַכער ביי זיין אַרבעט, און יוסף־אהרן, ווי אַ קעסט־יונגערמאַן. די צייט איז געלאָפן ביז לייביש וואַטע־מאַכער האָט אָנגעהויבן דערמאַנען די דאַטע, ווען די קעסט ענדיקן זיך.

— איך פאַרשטיי אים לגמרי נישט — האָט ער געזאָגט צו גאָלדעלען — ער מאַכט זיך דאָך אַפילו נישט וויסן, אַז דאָס יאָר קעסט איז שוין פאַרביי.

— ס'איז דאָך נאָך צייט צוויי וואָכן ביז צום סוף — האָט זי געענטפערט — מסתמא וועט ער זיך נעמען צו עפּעס.

— ער וועט זיך ערשט נעמען צו עפּעס? ער וואָלט שוין

געמעגט טראַכטן עפּעס וועגן פּרנסה, ער איז דאָך שוין ברוך השם אַ טאַטע פון אַ קינד אויך. אויף וועגן נאָך וואַרט ער, אויף וועגן?

— איצט וועט ער אפשר באַשטיין זאָלסט אים אַריינגעמען אויסלערנען די אַרבעט.

— איצט? זאָל איך אים ערשט אָנהייבן לערנען די אַרבעט? אַ גאַנץ יאָר האָט ער נישט געוואָלט אַריינשמעקן אין פאַבריק אַריין. אַז ער זאָל זיך איצט אָנהייבן לערנען די אַרבעט, וועט ער ווידער זיין אויף מיינע פּלייצעס, וועט ער ווידער זיצן ביי אונדז אויף קעסט, פאַרשטייסט? איך האָב דאָס שוין גענוג!

אַז יוסף־אהרן האָט זיך דערוווּסט, אַז ער מוז אַרויס, ליידיק מאַכן דאָס צימער ביי זיין שווער און שוויגער (דאָס צימער דאַרף מען פאַר אַ יינגערער טאָכטער, וואָס גייט חתונה האָבן), אויך אַז דאָס יאָר פון קעסט איז שוין פאַרביי, האָט ער געדונגען אַ דירה מיט אַ געוועלב.

— די איינע הונדערט רובל פון נדן וועט סטייען? — פרעגט אים רבקה.

— די דירה מיטן געוועלב און סחורה דאַרף קאָסטן אַכט הונדערט רובל.

— אָבער דו האָסט דאָך בלויז הונדערט רובל!

— איך האָב דאָך דיר נישט איין מאָל געזאָגט, אַז איך וויל זיך נישט נאַריש מאַכן מיט קיין גראָשנדיקע געשעפטן. אַז מאַכן אַ מסחר, וויל איך נאָר אויף אַ גרויסן פאָרמאַט.

רבקה האָט אַזוי לאַנג געטענהט מיט איר מאַן, ביז זי איז דערגאַנגען דעם סוד, אַז פון די הונדערט רובל נדן איז שוין קיין זכר נישטאָ, און אַז אויף צו דינגען די דירה מיטן געוועלב און סחורה באָרגט ער געלט אויף פראָצענט אין בענק און אומעטום ווו נאָר ס'לאָזט זיך, מיט די זשירעס פון זיינע ידידים פון שטיבל.

ווי נאָר יוסף־אהרן איז געוואָרן זעלבשטענדיק, ווען ער האָט געעפנט די קראָם, האָט ער זיך געפילט ווי אויפגעבונדן, פריי, ער האָט געאָטעמט די אייגענע לופט מיט גרויס הנאה. אָבער אַוועק

אַ קורצע צייט, איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ ווירוואַר פון כסדרדיקן נאָכיאָגן די הוצאות. ער האָט געהאַלטן אין איין נאָטירן די דאַטעס און חשבונען, מעסטן און וועגן די הכנסות און הוצאות. די צייט איז געלאָפן און צוזאַמען מיט דער צייט, מיט די חדשים און יאָרן, זענען אויך געוואַקסן די חובות, די פּראָצענטער פון גע־באָרגטן געלט, און ס׳האָבן זיך אויך אָנגערוקט די טערמינען צו צאָלן די ראַטעס. אָבער לעבן מוז מען, האָט יוסף־אהרן טאַקע אויסגעהאַלטן זיין משפּחה מיטן בלויזן קרן פונעם געבאָרגטן געלט, ווייל פון דער קליינער הכנסה פון מסחר האָט אים קוים געסטייעט פאַר די זייטיקע אויסגאַבן. און ווען עס איז געקומען צום צאָלן די גרויסע סומעס פון געבאָרגטן געלט, נאָך מיט פּראָצענטער, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, באַלד די ערשטע ראַטע נישט געצאָלט. אַזוי איז דאָס שוין געגאַנגען ווייטער, ביז דער לעצטער ראַטע. די זשיראַנטן האָבן אָנגעהויבן צאָלן די ערשטע ראַטעס און זיי זענען געוואָרן אַריינגעצויגן, זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און זיי האָבן כסדר געצאָלט.

# — נו — ני — נע!

געוועזן איז דאָס אין אַ ראש־השנה. נאָך דעם ווי דער ווייסער מענדעלע, דער בעל־תקיעה, האָט מיט גרויס אָנשטרענגונג אַרויס־געבלאָזן דעם שטן פון שופר, דאָס הייסט, נאָך שופר־בלאָזן און פאַרן דאַוונען מוסף. דער בעל־מוסף פון סאָקאָלאָווער שטיבל איז נישטאָ, אָבער אַלע ווייסן אַז ער איז אין „הויף". אַזוי ווי זיין שטענדיקע געוווינהייט איז ער זיך „מכין" איידער ער גייט צו צום „ברעטל" דאַוונען מוסף. זיצט דער עולם און מען וואַרט ביז ער וועט אַריינ־קומען. יעדער איז מיט זיינע מחשבות אין זיך. מען קוקט אַריין אין מחזור, אָדער מען קוקט זיך אַרום; מען הערט און מען זעט און מ׳שווייגט שטיל שאַ. ווייל פון שופר־בלאָזן ביז נאָך מוסף טאָר מען דאָך נישט אויסרעדן. די סאָקאָלאָווער חסידים אין כעלעם זענען, חלילה, נישט קיין „גראָבע־יונגען", היט מען אָפּ די דינים און מנהגים כדבעי, בפרט, בפרהסיה און בציבור. מען וואַרט גע־דולדיק און רויק, כאָטש דער זייגער איז שוין צוועלף ביי טאָג. די סאָקאָלאָווער חסידים אין כעלעם זאָגן, אַז זיי זענען זיך נוהג לויט דער ירושה פון קאָצק — צו דאַוונען ביז אין די שפּעטע שעהען.

בעצם אָבער זענען נישט אַלע מתפּללים אין גאַנצן רויק. טייל חסידים האָבן שוין געוווּסט, אַז מאיר בערישעס האָט גרויס פאַר־דראָס אויף הערשעלע טריבאַקאָווער. ביידע, סיי הערשעלע בלומענ־פעלד און סיי מאיר קאַגאַן, זענען געוועזן פון די הייסטע חסידים, און יעדער פון זיי האָט געוואָלט זיין מער אָנגעזעזן ביים רבין אין סאָקאָלאָוו. מפּה לאוזן האָט מען נאָך פאַר דעם דאַוונען זיך גע־שושקעט, אַז הערשעלע טריבאַקאָווער איז יענע וואָך געוועזן אין

סאָקאָלאָוו. זעט אויס, אַז ער האָט דאָרט איבערגעלאָזט אַ שיינע מטבע, און דער רבי האָט געשמועסט מיט אים וועגן מצב פון סאָקאָלאָווער שטיבל אין כעלעם. מאיר קאַגאַן האָט דערפאַר געהאַט גרויס פאַרדראָס אויף אים. ס׳איז מעגלעך, אַז דער גאַנצער פאַר־דראָס איז געווען צוליב קנאה; ווייל מאיר קאַגאַן האָט געפּילט, אַז ווי אַ בן־תורה און געבענטשט מיט אַ שיין קול איז ער אַ בעל־מוסף פון קאַצקער נוסח און ברען.

אָבער הערשעלע בלומענפעלד איז אויך נישט, חלילה, קיין גראָבער יונג און דערצו איז ער קלוג, ועל כולם פאַרמאָגט ער די ציגעלניע אין טריבאַקאָוו, דאָס מיינט, אַז ער איז אַ גרויסער עושר דערצו. קיצור הדבר, וואָס די סיבה זאָל נישט האָבן געווען זיין, איז געשען אַזוי, אַז ווען דער בעל־מוסף איז שוין אַריינגעקומען פון הויף, איז אַנשטאָט ער זאָל צוגיין צום עמוד, האָט ער זיך גאָר אַנידערגעזעצט אין אַ זייט, גלייך ווי נישט אים מיינט מען. טאָר מען דאָך נישט אויסרעדן, רעדט מען צו אים שטום־לשון, מיט ווונקען און מיט די הענט. די איינציקע ווערטער וואָס רייסן זיך אַרויס פון מויל פון די מתפללים איז: נו, ני, נע!

ווינקט צו אים גרשון און ווייזט אים ער זאָל צוגיין צום עמוד:

— נו, נו! ענטפערט ער — ני ני! דאָס הייסט, זאָל אַן אַנדער היינט דאַווענען פאַרן עמוד. רופט זיך אָן דער שוואַרצער מענדעלע מיט אַ ווייכן תחנונים־קול און ווייזט אים דעם עמוד מיטן פינגער

— מאיר! נו, נו! ענטפערט ער ווידער — ני, ני, ני!

אַזוי חזרט זיך דאָס איבער: די זעלבע ווערטער מיט אַ ווייכן אַקצענט און מיט אַ הויכן טאָן, אָבער ס׳העלפט אַלץ נישט. דער בעל־מוסף איז ברוגז. דער עולם זיצט און מען הייבט אָן ווערן פאַרצווייפלט: מען איז אַריין אין אַ טעמפּן ווינקל. קוקט איינער צום צווייטן, מען זוכט מעגלעכקייטן ווי אַזוי מען זאָל אַרויס בשלום פון דעם קריזיס. ווענדעט זיך דוד זאַמאָשטשער צום בעל־שחרית:

— מעכעלע! נו, נו! אַזוי ווי איינער זאָגט: דו ביסט דאָך אונדזער בעל־שחרית, טאָ זיי היינטיקן טאָג אויך אונדזער בעל־מוסף. ענטפערט

מעכעלע — ני, ני, ני! דאָס הייסט איצט אַזוי: — איך וויל נישט צונעמען זיין חזקה, איך וויל נישט אָנהייבן מיט מאיר בערישעס. הייבט זיך אָן אַ פריש דינגעניש, מיט ווונקען, מאַכן מיט די הענט — און אַלץ מיט די דריי ווערטער, וואָס אַלע באַנוצן זיך מיט זיי:
— נו, ני, נע.

יעדער האָט געוווּסט, אַז טאָמער גייט אַ צווייטער צו צום „ברעטל" דאַוונען מוסף, וועט דאָס מאיר בערישעס שטאַרק פאַר־דריסן. האָט קיינער נישט געוואָלט נעמען אויף זיך צוצונעמען פון אים זיין חזקה פון יאָרן. דערפאַר האַלט אָן דאָס „געשפּרעך" מיט די אויגן און מיט די הענט און אויך מיט די ווערטער: — נו, ני, נע.

געראַטעוועט די סיטואַציע האָט דווקא דעם בעל־מוספס שוואָגער אַליין — דוד זאַמאָשטשער. ער האָט אָנגעטאָן דעם קיטל, כדי צו־צוגיין צום עמוד דאַוונען מוסף. כאָטש ער האָט נישט געהאַט קיין שיינע שטימע און האָט קיין מאָל נישט געדאַוונט פאַרן עמוד, אַפילו נישט אין אַ געוויינלעכן שבת, בפרט אין די ימים־נוראים, דאָך האָט ער בלית ברירה זיך אונטערגענומען אַרויסצונומען דעם ציבור פון סאָקאָלאָווער שטיבל אין כעלעם פון דער שווערער לאַגע.

אָבער, באותו הרגע, אין דער סעקונדע, איז געבראָכן געוואָרן דאָס עקשנות פון מאיר בערישעס. מיט איין טריט פריִער, איידער זיין שוואָגער האָט זיך צוגעשטעלט צום עמוד, שטייט שוין דער שטענדיקער היכער שליח־ציבור ביים עמוד. ווי אַ וויכער שאָקלט ער זיך און בייגט זיך האַסטיק און טיף, טיף. ער זאָגט שטיל, אָבער מיט אַ ציטער פון אַלע זיינע רמ"ח אברים און שס"ה גידים, דאָס קאַפּיטל „הנני העני ממעש".

דער עולם איז צוריק אַריין אין דעם פּחד פאַרן „בראש השנה יכתבון". אַלע קוקן אַריין אין די מחזורים. אַ טיפע שטילקייט באַ־הערשט דעם גאַנצן ציבור. און פּלוצלינג האָט דער שליח־ציבור זיך אויסגעגלייכט, ווי אַ צעדערבוים, און ווי אַ מעכטיקער בת־קול פון הימל אַראָפּ קלינגט אָפּ די דונערנדיקע שטימע פון דעם היכן

בעל־מוסף ביים עמוד, אַ מעכטיק געשריי, וואָס איז מרעיש עולמות.
אַ ציטער גייט דורך איבער אַלע מתפללים:
— יתגדל!...

# ערב יום־כיפור

ערב יום־כיפור שטעלט זיך דער טאָג פריִער ווי אַלע מאָל. פון באַגינען אָן באַהערשט דעם מענטש אַן ערנסטקייט; דער יצר־הרע, וואָס נורטעווועט אַלע טאָג פון יאָר און איז אַזוי האָפּערדיק, רוקט זיך פּלוצלינג אַוועק ערגעץ אין אַ ווינקל נעבעכדיק, קליין און פאַרשעמט, אַז מען זעט אים כמעט נישט אַרויס, גלייך ער וואָלט מער נישט עקזיסטירט. דאַקעגן דער יצר־טוב קומט אַרויס אויף דער אויבערפלאַך, ווי לויטערער בוימל אויפן וואַסער.

דער פונק קדושה אין מענטש, וואָס אין די וואָכעדיקע טעג איז ער פאַרצויגן ווי מיט אַש און שטויב, אָט דער דאָזיקער פאַרבאָר־גענער, טיף־וואַרעמער ייִדישער פונק צעגליט זיך. ער רייסט זיך אַרויס פון אַלע שלייערן און באַהערשט דעם ייִדישן מענטש, צע־וואַרעמט דאָס האַרץ און אַלע איברים. אַזוי שטעלט זיך אין כעלעם דער ערב יום־כיפורדיקער טאָג.

פון השכמה אָן איילט מען זיך מיט אַ גאָטספאָרכטיקער פאַר־נומענקייט און וואָס נעענטער צו זון־אונטערגאַנג, אַלץ גרעסער די ציטערנדיקע איילעניש. מיט פאָרכטיקייט און אין דער שנעל ווערט אַלץ געטאָן, „היום קצר והמלאכה מרובה״. און יעדע זאַך ווערט געטאָן מיט גרויס כוונה, פונקט ווי עס ווערן געמאָסטן און געוווגן די קורצע שעהען פון ערב יום־כיפורדיקן טאָג, כדי נישט צו פאַר־שפּעטיקן חס ושלום צום אָנקומענדיקן יום־הדין, צו קומען אין דער פּינקטלעכער צייט צו די תּפילות פון תּשובה ומחילה.

אין די נאָכמיטאָג־שעהען, ווען די זון איז שוין געשטאַנען אויף מערב־זייט, איז שוין אין זעליקס שטוב געווען אָפּגעגעסן די סעודה

צום פֿאַרפֿאַסטן. איידער שיינטשע האָט אַראָפּגענומען פֿון טיש די כּלים, איז זי צוגעגאַנגען צו איר בת־יחידה:

— ברכהלע, גיי אַריין צו דבורה־גיטלען און צו נחמהן, און בעט זיי מחילה. דו ביסט דאָך שוין ברוך השם אַ כּלה געוואָרן און ס׳איז דאָך ערב יום־כּיפּור פֿאַר כּל־נדרי. מען דאַרף זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר. גיי, ברכהלע!

ס׳איז נישט געווען די נאַטור פֿון ברכהן, אַז ווען די מוטער האָט איר עפּעס געזאָגט, וואָס איז איר נישט געווען צום האַרצן, זי זאָל איר לאָזן אויסרעדן ביז צום סוף און גוטוויליק שווייגן — קעגן איר געוווינטקייט פֿון אַ יחסנישער בת־יחידה. דאָס מאָל אָבער האָט ברכה אַראָפּגעלאָזט די אויגן בעת די מוטער האָט גערעדט צו איר, ביז צום סוף אויסגעהערט און געשוויגן. דערנאָך האָט זי זיך אַוועקגעדרייט צו דער וואַנט, מיטביידע הענט זיך פֿאַרשטעלט דאָס פּנים און אויסגעבראָכן מיט אַ גרויס געוויין.

נישט זעליק, נישט שיינטשע, האָבן זיך גאָרנישט אָנגערופֿן צו איר. מען האָט איר נישט געשטערט. זאָל זי זיך אַ ביסל אויסוויינען, ס׳איז דאָך ערב יום־כּיפּור.

אַנטוישונג פֿון איין זייט און פּחד פֿון דער צווייטער זייט האָבן זי אין גאַנצן באַהערשט. זי איז געווען אין קלעם: זי איז געווען ברוגז מיט אירע שוועגערינס. ביי יעדער מחלוקה האָבן זיי איר פֿאָרגעוואָרפֿן: „ביי מיר ביסטו נישט קיין יחסנטע, נאָר ביי דיין מאַמען קאָנסטו זיין אַ צעפּיעשטשעטע בת־יחידה״! אָבער עס איז דאָך פֿאָרט ערב יום־כּיפּור; אין דעם יאָר דאַרף פֿאָרקומען איר חתונה. זי האָט געמוזט שנעל דעצידירן.

נאָך עטלעכע מינוט פֿון אויסוויינען זיך האָט זי גוט אויסגע־ווישט די אויגן און איז שנעל אַריינגעגאַנגען אין דער דערביייִקער שטוב, צו איר שוועגערין. זי איז נישט אַריינגעגאַנגען, נאָר אַריינ־געפֿאַלן, אויפֿגעמאַכט האַסטיק די טיר און גלייך גענומען רעדן מיט אַ תּחנונים־קול:

— דבורה־גיטל! איך בעט דיך מחילה! זיי מיר מוחל און בעט

זיך אויס אַ גוט יאָר מיט מעכלען און די קינדער, מיט געזונט און פּרנסה!

פאַר דבורה־גיטלען איז דאָס געווען, ווי אַ פּלאַסטער צו אַ שמערצלעכער ווונד, אַ לינדערונג פאַר איר ווייטיק אין האַרץ. אין דער מינוט ווען ברכה איז אַריינגעקומען און האָט איר געבעטן מחילה, איז שטילער געוואָרן דער כּעס פון אַ שנור וואָס וווינט אין איין הויז מיט איר שוויגער און שוועגערינס. מיט אַ שמייכל אויפן פּנים האָט איר דבורה־גיטל אָפּגעענטפערט:

— בעט זיך אויך אויס אַ גוט יאָר. זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה דיין חתונה, זאָלסט האָבן געטראָפן דעם ריכטיקן זיווג.

פאַרן אַרויסגיין האָט ברכה זיך נאָך געווונטשן קורץ מיט איר ברודער:

— אַ גוט יאָר דיר, מעכל!

— אַ חתימה טובה! האָט איר מעכל געענטפערט.

אַרויסגייענדיק פון דבורה־גיטלען און מעכלען איז ברכהן שוין געווען לייכטער אויפן האַרץ. מיט מער מוט און זיכערקייט איז זי אַוועק צו דער צווייטער שוועגערין, צו נחמהן.

דאָס איז געווען בלויז אַן אָנהייב פון קעגנזייטיקע ווונטשן, פון סליחה ומחילה. באַלד דערנאָך זענען די שנורן מיט די זין אַריינגעקומען צו די עלטערן איידער מען גייט צו כּל־נדרי. אויך שכנים קומען אָנווינטשן, און ביי יעדעס מאָל ווינטשן קען שיינטשע זיך נישט באַהערשן. דאָס איבערגעלאָדענע האַרץ גייט איר איבער, די טרערן שטיקן אין האַלדז, ביז זיי נעמען זיך גיסן פון די אויגן. אַזעלכע צאַפּלדיקע האַרץ־ווונטשן דאַרפן ממש די הימלען שפּאַלטן.

ווען די זון שטייט שוין גאַנץ נידעריק און דער טאָג הייבט אָן זיך אויסלעשן, איז שוין אין די כּעלעמער גאַסן פּוסט און ליידיק; קיין צייכן פון האַנדל־וואַנדל, אָדער פון אַן אַנדער וואָכעדיק לעבן. אַלע גאַסן פון כּעלעם, אין דער לענג און ברייט, אַפילו אין דער מיט פון די שאָסייען, זענען אויסגעליידיקט, פריי אַפילו פון גויִשע פורלעך. ייִדן גייען צו כּל־נדרי פון נאָענטע און ווייטע גאַסן און

געסלעך, פון אַלע זייטן קומט מען אין מיטן די וועגן — פראַנק און פריי.

אויך זעליק גייט אין מיטן שאָסיי פון דער לאַנגער לובלינער גאַס מיט זיין טלית־זאַק און מחזור אין איין האַנט, און מיט דעם לאַנגן סטעאַרין־ליכט — אין דער צווייטער. נאָך אים גייט אויך שיינטשע אין מיטן וועג, מיט איר מחזור און מיט אַ גרויס טיכל זיך אויסצווישן די אויגן. זי האָט נאָך נישט באַוויזן אויסצווישן זיך גוט די אויגן פון וויינען, און שוין האָט זי דערזען פון אַ זייטיק געסל אַרויסקומען נעכע־ביילען, אויך זי גייט אין שול אַריין. אַ פריש קעגנזייטיק ווינטשן זיך רייסט זיך אַרויס מיט פרישע טרערן פון די אויגן. וואָס נעענטער אין שול אַריין, אין בית־מדרש און אין די מנינים אַריין, אַלץ מער ווערט די לופט אָנגעלאָדן מיט ווינטשע־נישן — מיטן ווייבערישן געוויין: „בעט זיך אויס אַ גוט יאָר, מיט געזונט און פרנסה" און מיט די מענערישע ברכות: „אַ חתימה טובה, אַ גוט יאָר!"

# מיט גרויס דערבאַרעמדיקייט

## (אַ כעלעמער קינדער־מעשה׳לע)

משה איז שוין געווען אַ גרויסער יונג פון פינעף יאָר, ער האָט שוין געלערנט „ויקרא״ און געקענט אויך פאַרטייטשן די ווערטער.

אויך זיין ברודער יאָסעלע איז שוין געגאַנגען אין חדר פונעם דרדיקי־מלמד, דער קרומער סענדער. ער איז שוין אַלט געווען דריי יאָר. האָט געטראָפן, אַז די קינדער זענען קראַנק געוואָרן און געבליבן אין שטוב, נישט געגאַנגען אין די חדרים אַריין, האָט מען גערופן צו זיי מאָטע רופא און ער האָט פאַרשריבן פאַרשידענע „צוקערלעך״ פאַר די קינדער. די היץ איז נאָך עטלעכע טעג אַראָפּ־געפאַלן, אָבער מאָטע רופא האָט געזאָגט, אַז די קינדער זאָלן נאָך בלייבן עטלעכע טעג אין שטוב און נאָך נישט גיין אין חדר. דער זייגער איז שוין געווען אַכט אין דער פרי, זאָגט די מוטער:

— משהלע! איך גיי אַוועק, איך וועל באַלד קומען. יאָסעלע שלאָפט נאָך, זאָל ער שלאָפן, נאָר אַז ער וועט אויפשטיין, זאָלסטו אים געבן דאָס זעמעלע מיט די מילך וואָס שטייט אויפן טיש.

— זאָל ער זיך נישט אָפּגיסן די נעגל און זאָגן מודה אַני? — פרעגט משה.

— יאָ, נאָכן אָפּגיסן די נעגל זאָל ער עסן.

די מוטער איז אַוועק און יאָסעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געוויין — מאַמע!

— די מאַמע וועט באַלד קומען. די מאַמע האָט געזאָגט זאָלסט אָפּגיסן די נעגל און זאָגן מודה אַני, דערנאָך זאָלסטו עסן דעם זעמל מיט די מילך.

יאָסעלע גיסט אָפּ די נעגל און זאָגט מודה אַני, נאָר אַנשטאָט „בחמלה רבה" זאָגט ער „בחלמה רבה".

— גוי, מען זאָגט נישט „בחלמה רבה" נאָר „בחמלה רבה", מיט גרויס דערבאַרעמדיקייט, פאַרשטייסט? זאָג נאָך אַ מאָל!

יאָסעלע חזרט נאָך אַ מאָל איבער:

— מודה אַני לפניך שחזרת בי נשמתי בחלמה רבה...

— ניין, נישט אַזוי, זאָג „בחמלה", „בחמלה רבה", מיט גרויס דערבאַרעמדיקייט.

— מודה אני לפניך שחזרת בי נשמתי בחלמה רבה מיט גרויס דערבאַרעמדיקייט.

— זאָג חמלה, חמלה און נישט חלמה, פאַרשטייסט? גוי!

יאָסעלע וויינט:

— כ'על דערציילן דער מאַמען.

— די מאַמע האָט אַליין געזאָגט, אַז זאָלסט זאָגן מודה אַני, דערנאָך עסן.

— איך זאָג דאָך מודה אַני — בעט זיך יאָסעלע מיט טרערן.

— אָבער מען זאָגט בחמלה רבה, מיט גרויס דערבאַרעמדיקייט. זאָג נאָך אַ מאָל בע־כעמ־לאָ רבה.

יאָסעלע חזרט איבער: בעחעלמאָ רבה, מיט גרויס דערבאַרעמדיקייט.

ווען די מוטער איז אַהיימגעקומען, האָט זי געטראָפן דאָס זעמעלע מיט די מילך שטיין אויפן טיש נישט אָנגערירט, יאָסעלע ליגט און וויינט.

— וואָס איז געשען?

— ער וויל נישט זאָגן מודה אַני — רופט זיך אָן משה.

די מוטער נעמט יאָסעלען אויפן שויס און קושט אים:

— זאָג, יאָסעלע, זיס קינד מיינס, זאָג מודה אַני און עס דאָס זעמעלע מיט די מילך.

— איך זאָ־אָ־אָג — כליפּעט יאָסעלע פאַר די מוטער.

— ער זאָגט בחלמה רבה, נישט בחמלה רבה, מיט גרויס דער־באַרעמדיקייט.

— כעלעמער נאַרעלע — זאָגט די מוטער צו משהן — ס׳איז דאָך אַלץ איינס מיט גרויס דערבאַרעמדיקייט.

— בחלמה רבה איז נישט מיט גרויס דערבאַרעמדיקייט — האַלט זיך משה ביי דאָס זייניקע.

— עס, יאָסעלע, עס, זיס קינד מיינס, פאָלג אים נישט, ס׳איז אַלץ איינס מיט גרויס דערבאַרעמדיקייט. — די מוטער דערלאַנגט אים דאָס זעמעלע מיט די מילך.

— ער האָט נישט געזאָגט: שמע בני מוסר אָביך ואַל תיטוש...

— גיי אַוועק פון קינד, ער איז נישט געזונט, מאָרגן וועט ער זאָגן.

— ער האָט נישט געמאַכט קיין המוציא, דער גוי.

יאָסעלע מאַכט אַ המוציא און ער פרעגט דער מוטער, צי ער מעג שוין עסן.

— גוי, אַז מען מאַכט אַ המוציא טאָר מען נישט אויסרעדן — לערנט ווידער משהן זיין קליינעם ברודער.

— לאָז אים שוין צו רו — נעמט זיך אָן די מוטער — ער לערנט נאָך נישט קיין חומש. עס, יאָסעלע, פאָלג דער מאַמען.

— איכ׳ל פרעגן דעם רבין — זאָגט ווידער משה צו דער מוטער — איכ׳ל פרעגן צי בחלמה רבה איז אויך מיט גרויס דער־באַרעמדיקייט.

— נאַרישער יונג! — ווערט שוין די מוטער בייז — אַז די מאַמע זאָגט, דאַרף מען נישט איבערפרעגן, ס׳איז אַלץ מיט גרויס דערבאַרעמדיקייט!

# י ב ר כ ך!

אַז דער פעטער שׂמחה איז אַ מאָל געקומען צו פאָרן, האָבן די קינדער געהאַט מיט אים אַ גדולה, אַ פרייד. ער האָט זיי אויסגעפרעגט און זיך געשפּילט מיט זיי, ווי זייערס גלייכן:

— קום נאָר אַהער צו מיר, יאָסעלע, זאָג מיר, וואו לערנסטו, שיין יינגעלע?

— ביים רבי ישׂשכר לערן איך.

— וואָס לערנט מען דאָרט ביי דיין רבין ישׂשכר?

— חומש ויקרא לערנט מען, ויקרא!

— און דו, משהלע, דו לערנסט אויך ביים רבין ישׂשכר?

— ניין, איך לערן ביי גדליהו קריטניצער, גמרא לערן איך, בבא מציאה לערנט מען ביי מיין רבין.

— קיין עין־הרע, ווילע קינדערלעך! — זאָגט דער פעטער שׂמחה צו די עלטערן — אַבי נאָר געזונט, פּרנסה און הצלחה — און צו משהלען: — זאָג זשע מיר, משהלע! ביסט דאָך שוין קיין עין־הרע אַ חתן־בחור, לערנסט שוין בבא מציאה, זאָג מיר, וואָס איז דאָס אַזוינס געזונט, פּרנסה און הצלחה?

דערביי שמייכלט אַריין דער פעטער שׂמחה אין זיין שוואַרץ בערדל, וואָס ער האַלט אין דער האַנט און פינקלט מיט זיינע גלאַנציקע אויגן צו די קינדער. די קינדער געפעלט זייער די שפּיל מיטן פעטער שׂמחהס פראַגע. דער חתן־בחור, וואָס לערנט שוין בבא־מציאה, איז שוין אַלט 7 יאָר, טראַכט ער אַ ביסל און ענטפערט:

— געזונט איז דעמאָלט ווען דער רופא, מאָטע רופא, דאַרף נישט קומען. פּרנסה? פּרנסה איז — „המוציא לחם מן הארץ", און הצלחה? הצלחה איז, איז... — דאָ האָט זיך משהלע אַ ביסל פאַר־

טראַכט, פאַרזאַמט דעם ענטפער, אָבער יאָסעלע האָט אויסגעכאַפּט און פאַרענטפערט די פראַגע:

— הצלחה איז — „בורא מיני מזונות״!

ווערט אַ גרויס געלעכטער אין שטוב: — כאַ, כאַ, כאַ! — לאַכן אַלע און דער פעטער שׂמחה קנייפּט די בעקלעך פון די קינדער: — קיין עין הרע, קיין בייז אויג זאָל זיי נישט שאַטן, קלוגע קינדער!

ביידע קינדער זענען פרום, פונקט ווי די גרויסע פרומע ייִדן. זיי האָבן אַרויפגענומען אויף זיך דעם גאַנצן עול פון תרי״ג מצוות. אויך זייער אויסערלעכער לבוש, די „ציצית, קאַפּאָטקעלעך, פּיאה־לעך״, איז נישט אַנדערש ווי ביי די גרויסע ייִדן. זיי קאַפּירן נאָך און זאַפּן איין אין זיך אַלץ, וואָס זיי זעען ביי די גרויסע ייִדן, ביי די חסידים. פיזיש קליין און שוואַך, „ייִדעלעך, פריש פון די איי־עלעך״, זענען זיי אָבער געבוג שטאַרק נישט געשטרויכלט צו ווערן, חס ושלום, אין קיין עבירה. פונקט ווי די גרויסע חסידיש־פרומע ייִדן, זענען זיי שויך אויך גרויסע ייִדן!

אָבער איין מאָל, און דאָס איז נישט געווען אין שטוב ביי טאַטע־מאַמען אין דער היים, און אויך נישט אין אַ וואָכנטאָג, נאָר דווקא אין חסידים־שטיבל אין מיטן דאַווענען בציבור אין אַ יום־טוב־טאָג האָבן פלוצלינג די קינדער דערפילט זייער מצב — אַז זיי זענען נאָך קליינע קינדער אונטערן שוץ פון די עלטערן.

געווען איז דאָס נאָך דעם ווי די כוהנים האָבן אויסגעטאָן די שיך, זענען צוגעגאַנגען צום פעסל וואַסער אין קאָרידאָר און די לויים האָבן זיי געוואַשן די הענט. די כוהנים האָבן זיך אויסגע־שטעלט אויף דער מזרח־וואַנט מיטן פנים צו די מתפללים און איידער זיי האָבן אויפגעהויבן די הענט צו בענטשן, האָט דער פאָטער צוגעדריקט ביידע קינדער פעסט צו זיך. ער האָט אויפ־געהויבן דעם טלית הויך און אויסגעשפרייט אים איבער די קעפּ פון אַלע דריי, איבער זיין קאָפּ און איבער די קעפּ פון ביידע קינדער. דער פאָטער האָט זיך טיף איבערגעבויגן איבער די קינדער

און געהאַלטן דאָס מחזור פאַר זייערע פּנימער. די קינדער זענען געבליבן שטיין אונטערן פּאָטערס טלית אַזוי ווי די עופעלעך ווען דער פויגל שפּרייט זיינע פליגל איבער זיי. די קינדער האָבן דער־פילט דעם שווייס און דעם אָטעם פון פּאָטער, ווי דאָס וואָלט געווען זייער אייגענער שווייס, זייער אייגענע לייבלעכע וואַרעמקייט.

— יברכך! — רופן אויס די כוהנים. און דער פּאָטער פירט מיט אַ פינגער אויפן מחזור. ער חזרט איין די ווערטער פאַר די קינדער. אין דעם טונקעלן שיין פון איבערגעדעקטן טלית זאָגן זיי נאָך די ווערטער פון מחזור:

— יברכך ה׳ מציון עושה שמים וארץ.

— יברך! געבענטשט זאָלן ווערן די ערלעכע, כשרע קינדער־לעך. זיי זענען שוין גרויסע ייִדן, אָבער נאָך אַלץ — קליינע קינדער.

# ווען די פיש אין וואַסער ציטערן

זונטיק בולבעס, מאָנטיק בולבעס,
דינסטיק ווידער בולבעס...

— יענטע־רייזעלע! וואָס איז מיט דיר? — האָט די מוטער געפרעגט איר אַכט־יעריק טעכטערל — דו טאַנצסט און זינגסט זיך דיין לידעלע, ווי אַלע טאָג פון אַ גאַנץ יאָר? דו ווייסט נישט, קינד מיינס, אַז היינט איז ערב יום־כיפּור?

— איך ווייס, איך ווייס, מאַמעשי, היינט איז טאַקע ערב יום־כיפּור, אָבער פאַר וואָס טאָר מען נישט זינגען?

— וואָס טוט זיך מיט דיר, יענטע־רייזעלע? פאַרשטייסט נישט וואָס פאַר אַ טאָג ס'איז ערב יום־כיפּור? די פיש אין וואַסער אַפילו ציטערן דאָך ערב יום־כיפּור. גיי בעסער, טעכטערל מיינס, גיי צו ר' העשלען אין הויף אַריין און זע צי דער שוחט איז געקומען. גיי שנעל און קום באַלד צוריק מיר זאָגן וואָס דאָרט הערט זיך.

יענטע־רייזעלע איז גלייך געגאַנגען אין ר' העשלס הויף, נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן טאַנצנדיק, אָבער איידער זי איז אָנגעקומען אויפן אָרט, ווען זי איז געשטאַנען אויפן בריקל איבערן טייך, איז זי צוגעגאַנגען האַרט צו דער באַריערע ביים ראַנד פונעם בריקל, זיך אָפּגעשטעלט און אַראָפּגעקוקט אין טייך אַריין צו זען מיט די אייגענע אויגן ווי אַזוי „די פיש אין וואַסער ציטערן".

דער טאָג איז געווען אַ מילדער פריהאַרבסטיקער, די פרי־מאָרגן־זון האָט דורכגעלויכטן דאָס פליסיקע טייכוואַסער. יענטע־רייזעלע האָט אַריינגעקוקט אין מיטן פון דעם טיף־לויטערן וואַסער־ריזל, דאָרט, ביים טייכבאָדן, האָבן די פיש זיך געדרייט און געבויגן,

געשוווּמען אונטערן שטראָם, מיטן שטראָם און קעגן שטראָם; אין דער ברייט און לענג פון טייך. אַזאַ שפּילעוודיקער געיעג פון פאַר־שידענע גרויסע, קליינע און קליינטשיקע פישעלעך, אַזאַ פליסטער פון פאַרשידענע פאַרבן־בליאַסקן, אַזאַ מין רעגן־בויגן פון אַ שווי־מענדיק צאַפּל־לעבן — אַז יענטע־רייזעלע האָט דערפילט די ריכ־טיקייט פון איר מוטערס ווערטער: „די פיש אין וואַסער אַפילו ציטערן". באַלד האָט זי זיך דערמאָנט אין איר שליחות און זי איז אַריבער אויף יענער זייט טייך, צו זען וואָס ס'טוט זיך אין הויף ביי ר' העשלען. צוריק איז זי נאָך שנעלער טאַנצנדיק געלאָפן און אַריין אין שטוב אין איין אָטעם:

— מאַמעשי! אין הויף פון ר' העשלען איז אַ גאַנצער יאַרמאַרק, פול מיט ווייבער און מיידלעך מיט די כפרות. זיי וואַרטן אויפן שוחט.

— אָבער זאָג מיר, יענטע־רייזעלע, ר' אברהמעלע שוחט איז שוין געקומען?

— איך זאָג דאָך, אַז אַלע וואַרטן און אַ סך מענטשן קומען נאָך איצט אין ר' העשלס הויף פון אַברהמטשע מילערס הויז, פון ישׂראל לייבעלעס גאַס, פון אומעטום טראָגט מען די כפרות.

— יענטע־רייזעלע, זיי אַ גוט קינד, ביסט דאָך שוין, קיין עין הרע, אַ גרויס מיידעלע. נעם דעם האָן, איך האָב אים גוט געבונדן, נעם, קינד מיינס, דעם האָן און גיי צום שוחט שעכטן די כפרה.

— איך וויל נישט!

— פאַר וואָס ווילסטו נישט? דער טאַטעשי האָט שוין געשלאָגן כפרות. זעסט דאָך, אַז איך קען נישט אַוועקגיין פון שטוב. דיין ברודערל יאָסעלע איז נישט געזונט, ער האָט היץ, איך קאָן פון אים נישט אַוועקגיין. דער טאַטעשי האָט געמוזט גיין רופן צו אים מאָטע רופא. זיי אַ גוט מיידעלע, איך גיב דיר אַ צווייער, וועסטו געבן דעם שוחט שחיטה־געלט. נעם די כפרה און פאַרליר נישט דאָס געלט.

— איך, איך וויל נישט, איך האָב מורא.

— וואָס האָסטו מורא צו האָבן? דו ביסט דאָך נישט קיין נאַריש

קינד, וועסט דערלאַנגען דעם שוחט דאָס געלט און ער וועט אָפּשעכטן דאָס עוף און פאַרטיק, דאָס איז אַלץ.

— דאָס איז אַלץ? און ווו זענען די הויכע טרעפּ? אפשר דרייסיק טרעפּ אַרויפצוגיין אַזוי הויך. דאָרט שטייען פול ווייבער מיט די כפּרות.

— יענטע־רייזעלע, פאָלג דער מאַמען. וואָס גייט דיר אָן די ווייבער? ווען זיי וועלן אַראָפּגיין, וועסטו אַרויפגיין צום שוחט, דער־לאַנגען אים דאָס געלט, וועט ער אָפּשעכטן דיין כפּרה אויך.

יענטע־רייזעלע איז אַ מינוט געשטאַנען פאַרטראַכט, פאַרשעמט פאַר איר נישט דרייסטקייט, כאָטש די מוטער זאָגט, אַז זי איז שוין אַ גרויסע, די גרעסטע פון די קינדער אין שטוב. לסוף האָט זי גובר געווען דעם פּחד, זיך אָנגעגורט מיט מוט און גענומען דעם האָן אונטערן אָרעם און איז אַוועק צום שוחט. יענטע־רייזעלע האָט דערפילט דעם וואַרעמען צאַפּל פון געבונדענעם עוף. איר קינדישע צופרידנקייט האָט זיך וויטיקלעך צייטווייליק אָפּגעקערט פון איר און פריי געמאַכט דעם פּלאַץ פאַר אויספירן אַן אויפגאַבע פון גרויסע דערוואַקסענע פרויען. גייט אַזוי יענטע־רייזעלע אַנטשלאָסן און דרייסט, מיטן האָן אונטערן אָרעם, צו שעכטן די כפּרה.

ווען ר׳ אַבּרהמעלע שוחט איז געקומען, איז ער קודם־כל אַרייַנ־געגאַנגען דורך דער פראָנט־טיר צו ר׳ העשלען אין הויז אַריין. ער האָט זיך באַגריסט מיטן רבין און זיך אַנידערגעזעצט אין זיין בית־מדרשל. ער האָט צוגעוואַרט ביז ר׳ העשל האָט געשלאָגן כפּרות.

דערווייל וואַרטן אַלע אין הויף מיט אומגעדולד. ס׳איז דאָך עפּעס ערב יום־כּיפּור! פאַר אַלע ווייבער איז דער טאָג צו קליין. אַזוי פיל אַרבעט: רוימען, קאָכן, צוגרייטן צום פאַרפאַסטן.

— אַזוי לאַנג איז דער שוחט ביים רבין ר׳ העשל? — פרעגן די פרויען איינע ביי דער צווייטער.

— אפשר וועט ער דאָרט „אָוועקלייגן" דעם רבינס כפּרה און צוריק אַהיימגיין אין שטאָט אַריין? — צווייפלען אַנדערע.

— ווייבער האָבן נישט קיין געדולד — פאַרענטפערט אַן אַלטע

יידענע. מיר האָבן דאָך אַ דאָפּלטע זכיה: מען דאַרף נישט גיין אין שטאָט אַריין און ר׳ אַברהמעלע שוחט איז געקומען. זיין שחיטה איז דאָך זיכער אַ כשרע!

— אַלץ אין זכות פון ר׳ העשלען! — שרייט אויס אַ ראַדזינער חסידיסטע.

ר׳ העשל אינעווייניק איילט זיך דווקא נישט בעת דעם כפּרה־שלאָגן. ער זאָגט דעם „בני־אדם״, דעם „זה חליפתי״ מיט גרויס כוונה, וואָרט ביי וואָרט. כדת וכדין דרייט ער דעם האָן איבער זיין קאָפּ דריי מאָל און אַברהמעלע שוחט זיצט מיט גרויס דרך־ארץ און וואַרט. דערנאָך הייבט ער אויף די כפּרה, וואָס דער רבי האָט געגעבן אַ לייכטן טרעט אין קעפּל, און גייט אַרויס דורך דער קיך־טיר צום גאַניקל, צום הויף. צום אַלעם ערשטן מאַכט ער די ברכה טאַקע איבער דעם רבין ר׳ העשלס כפּרה, דערנאָך דערלאַנגט אים די רביצין נאָך עטלעכע כפּרות פון איר בני־בית. ערשט ווען די רביצין האָט פאַרמאַכט די טיר פון קיך, און אַברהמעלע שוחט בלייבט אַליין אויפן גאַניקל פון הויף מיט די אַלע ווייבער, וואָס פילן אויס אַלע שטיגן און אַ האַלבן הויף — מאַכט ער זיך נישט הערן די ווייבערס רייד און די הענערישע קרייען, און נעמט זיך ערשט ריכטיק צו דער מלאכה. איצט נעמט ער שעכטן מכל הבא ליד, פאַכמעניש און שנעל. ער וואַרפט אַריין אַ צווייער אין קעשענע, פאַרבייגט דאָס קעפּל פון דער כפּרה, פליקט אָוועק די פעדערן פון העלדזל — און אַ פּיר מיטן בלאַנקענדיקן חלף. אויגנבליקלעך גייט דאָס איצט ביי אים, איינס־צוויי.

אַז אַברהמעלע שוחט האָט אַנידערגעלייגט אַן אָפּגעשאָכטן עוף און די באַלעבאָסטע האָט נישט באַלד צוגענומען איר כפּרה, איז דאָס עוף אַראָפּגעפלויגן אין הויף אַריין, און מען האָט געמוזט אַראָפּגיין, אויסזוכן אין זאַמד דאָס עוף. ביז די פרוי קומט אַראָפּ פון די הויכע שטיגן, דרייט זיך די כפּרה, וואַרפט זיך מיט די לעצטע כאָרכלדיקע ווייען און פאַרבלוטיקט דעם זאַמדיקן הויף. קיינער וואַגט אָבער נישט צו האָבן אַ טענה צו אַברהמעלע שוחט. מען פאַרשטייט, אַז

ער קאָן היינט נישט פאַרלירן קיין צייט; ס'איז דאָך ערב יום־כיפּור און ער מוז אין די פרימאָרגן־שעהען אָפּשעכטן אַלע כּפּרות, דער־ריבער אַרבעט ער איצט טאָקע שנעל. ער כאַפּט אַ צווייער אין קעשענע און כשרט די כּפּרה מיטן חלף. כאַפּט מען באַלד אַוועק די געשאָכטענע כּפּרה איז גוט, אויב נישט, דרייט זי זיך אַראָפּ פון הויכן גאַניקל און פליט אַוועק אין הויף אַריין אויף די זאַמדן.

ווען יענטע־רייזעלע איז אָנגעקומען צום שוחט און אים דער־לאַנגט דעם קופּערנעם צווייער מיטן האָן, האָט ער דאָס אויך געמאַכט אין איין אויגנבליק. איידער יענטע־רייזל האָט באַוויזן צוריקצונעמען ביי אים די געשאָכטענע כּפּרה, איז זי שוין אַראָפּגעפלויגן אין הויף אַריין. יענטע־רייזעלע איז שנעל אַראָפּ פון אַלע שטיגן, אָבער איר האָן האָט זי שוין נישט געטראָפן. זי איז אַרומגעגאַנגען איבערן הויף, געזוכט אַרום און אַרום, צוגעגאַנגען ביז צום טייך, אַריינ־געקוקט אין געזוכט, אָבער קיין צייכן פון דעם געשאָכטענעם האָן איז נישטאָ. זי איז געוואָרן פאַרצווייפלט, טרערן האָבן איר גע־שטיקט אין האַלדז און זיך דורכגעריסן אין די אויגן. זי האָט מורא געהאַט אַהיימצוגיין. אין הויף איז שוין געווען ליידיק, אַלע זענען שוין אַוועק מיט די געשאָכטענע כּפּרות, אויך ר׳ אַברהמעלע שוחט איז שוין אַהיימגעגאַנגען, אָבער יענטע־רייזעלע דרייט זיך נאָך אַלץ אַרום אין הויף און זוכט איר כּפּרה. באין ברירה גייט זי אַהיים, זי פאַלט אַריין אין שטוב אַריין מיט אַ גרויס געוויין.

— יענטע־רייזעלע, וואָס איז געשען? — פרעגט איר די מוטער אין שרעק.

— ער איז, ער איז אַוועק — האָט זי קוים אַרויסגערעדט דורך די טרערן וואָס האָבן איר געשטיקט.

— ווער איז אַוועק? דער שוחט איז אַוועקגעגאַנגען? האָסט נישט באַוויזן צו געבן אים דאָס עוף?

— יאָ, איך האָב אים געגעבן.

— טאָ פאַר וואָס האָט ער נישט געשאָכטן דאָס עוף?

— יאָ ער האָט יאָ געשאָכטן, נאָר דער האָן איז אַוועקגעפלויגן! איך ווייס נישט ווו ער איז אַוועק...

— דער געשאָכטענער האָן איז אַוועק? וויין נישט יענטע־רייזעלע, וויין נישט. אַ געשאָכטענער האָן קאָן נישט פליִען, ער איז זיכער נישט ווייט אַוועק — האָט איר די מוטער איינגענומען — קום מיט מיר, וועלן מיר אים אויסזוכן, מיר וועלן אים זיכער ערגעץ ווו, אין אַ ווינקל, געפינען.

ווען יענטע־רייזעלע מיט איר מוטער זענען געקומען אין ר' העשלס הויף אַריין, איז פונקט אַרויסגעקומען פעסעלע, די רייוויצער שוסטערקע, פון איר שטוב און זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ פאַר יענטע־רייזעלעס מוטער, איר שכנטע פון יענער זייט טייך:

— איר האָט שוין געהערט מיין פּאַלאָזשעניע? איך בין אַרויס פון שטוב אויף עטלעכע מינוט, אַריין צו דער הויכער דינה אין געוועלב אַריין עפּעס קויפן און מיין מאַן איז זיך געזעסן ביי זיין ווערקשטעל, און גאָרנישט געהערט און געזען, וואָס אין שטוב האָט זיך געטאָן...

— וואָס איז שוין ווידער געשען ביי אייך? — פרעגט איר דבורה־גיטל.

— דאָס פענצטער פון מיין דירה, מ'שטיינס געזאָגט, פון מיין קעלערשטוב, איז געווען אָפן, האָט אַ געשאָכטענער האָן זיך אַריינגעוואָרפן אין שטוב אַריין...

אַז יענטע־רייזעלע האָט דערזען ליגן אין אַ ווינקל דעם געשאָכטענעם האָן, האָט זי אַזש גענומען טאַנצן פון פרייד:

— מאַמעשי! דאָס איז טאַקע אונדזערער! איך דערקען אים, דאָס איז אונדזער האָן!

אָבער פעסעלע, די רייוויצער שוסטערקע, איז אַנגעווייטיקט און רעדט זיך אָפּ פון האַרצן:

— ווען אַלץ, וואָס איז פאַרשמירט געוואָרן מיטן בלוט, וואָלט געווען בלויז מיינע זאַכן, מילא, וואָלט איך פאַר קיינעם אַפילו נישט

דערציילט. אָבער זעט מיין אומגליק! שטענדיק, ווען די רביצין גיט אַריין צו מאַכן אַ פּאָר שיך פֿאַר איר זון, פֿאַר ירוחמען, געשעט מיר עפּעס אַן אומגליק. פֿאַר פּסח איז געווען אַ פֿאַרפּלייצונג פֿון טייך און ירוחמס שיך זענען דורכגעווייקט געוואָרן. איצט ווידער איז אַ כּפּרה אַריינגעפֿלויגן, אַלץ פֿאַרשמירט מיט זיין בלוט און אויך די נייע שיך פֿאַר ירוחמען זענען אויסגעשמירט געוואָרן, די גימזע־פּזשישוועלעך — מיט בלוטיקע פֿלעקן. אַזאַ אומגליק! נאָר דאָס לעבן זיך צו נעמען!

— ס'איז דאָך היינט ערב יום־כּיפּור, פֿאַרענטפֿערט איר דבורה־גיטל — פּעסעלע קרוין! נעמט זיך נישט איבער, זאָל דאָס זיין פֿאַר אַן אָפּקומעניש, אפשר איז, חלילה, באַשערט געווען אַן אומגליק, זאָל די כּפּרה זיין פֿאַר אַ שיינע ריינע כּפּרה פֿאַר אונדז אַלע. ס'זאָל מער קיין שלעכטס נישט געשען ביי יידן.

יענטע־רייזעלע האָט אָבער נישט אויסגעוואַרט ביז די שכנטעס וועלן פֿאַרענדיקן זייערע רייד. זי איז צוגעגאַנגען, אויפֿגעהויבן דעם האָן פֿון דער ערד, גענומען אים אונטערן אָרעם און אַהיימגעלאָפֿן. ערשט ווען יענטע־רייזעלע איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זיך דבורה־גיטל געזעגנט מיט דער רייוויצער שוסטערקע:

— בעט זיך אויס אַ גוט, געזונט יאָר! דער פֿלעק פֿון דער כּפּרה זאָל זיין אַן אָפּקומעניש פֿאַר, חלילה, אַנדערע פֿלעקן. האָט נישט קיין עגמת־נפש, איך וועל שוין מיט דער רביצין רעדן, איך וועל אַלץ פֿאַרענטפֿערן, מיט גאָטס הילף. זייט מיר געזונט. פּעסעלע, גלייבט מיר, אַזוי ווי איך וויל ביי זיך זען גוטס, אַזוי בעט איך אויך פֿאַר אייך.

— בעט זיך אויך אויס אַ גוט יאָר, מיט געזונט און פּרנסה!

# „פאַרקאָכט אַ קאַשע" מיט אַן אתרוג

1

— ווען פרעגלט איר דעם אתרוג ? — פרעגט די הויכע דינה שיינטשען — פאַר אַ יאָרן האָב איך פאַרזוכט אייער געפרעגלטס, דעם איינגעמאַכטס פון אתרוג, האָט דאָס געהאַט טויזנט טעמים, ס׳איז ממש צעגאַנגען אין יעדן אבר.

געווען איז דאָס שבת בראשית פאַר נאַכט. צו זאָגן „גאָט פון אברהם" איז נאָך צו פרי, ס׳איז נאָך גוט ליכטיק, אויסגערוט איז מען, שוין אויסגעשלאָפן פון שבתדיקן נאָכמיטאָג־שלאָף, און דער טאָג איז אַ וואַרעמער פריהאַרבסטיקער — ממש אַ מתנה פון זיין ליבן נאָמען. זיצן די שכנטעס ביים הויז און שמועסן זיך בנעימות.

— ביי שיינטשען געראָט אַלע יאָר דער איינגעמאַכטס — רופט זיך אָן פעסעלע — און ביי דער ראַפעשעליכע, די רביצין, געראָט קיין מאָל נישט. פאַר אַ יאָרן איז ביי איר דער איינגעמאַכטס צוגעפאַלן און פאַרברענט געוואָרן אויף קויל.

— אָבער ווי אַזוי פאַרקאָכט מען קאַשע מיט אַן אתרוג און לולב ? — פרעגט שרה מיט אַ געלעכטער.

— אַזאַ קלאָץ־קשיא האָב איך נאָך קיין מאָל נישט געהערט — זאָגט סלאַווע די בעקערין — מיט אַן אתרוג פאַרקאָכט מען דען קאַשעס ?

— יאָ, יאָ ! — ענטפערט שרה מיט אַ גרויס געלעכטער — אין כעלעם געשעט דאָס אויך, צו פאַרקאָכן אַ געדיכטע קאַשע מיט איין אתרוג.

— זעט נאָר ווי אַזוי זי קאַטשעט זיך פון געלעכטער צוליב

אַ כעלעמער אתרוג — בייזערט זיך די הויכע דינה אַ באַליידיקטע — איך וואָלט געוואָלט וויסן אויב אין קראַסנעסטאַוו קען מען בעסער פּרעגלען איינגעמאַכטס פון אַן אתרוג ?

— איך רעד דאָך נישט פון קיין איינגעמאַכטס — פאַרענטפערט זיך שוין שרה — איך מיין דאָך גאָר עפּעס אַנדערש. איך מיין די „געדיכטע קאַשע", וואָס באַשע־שפּרינצע האָט פאַרקאָכט מיטן אתרוג־בענטשן, דעם ערשטן טאָג סוכות.

אָבער שיינטשעס פּנים האָט זיך גראָד פאַרכמורעט.

— זאָל דער אויבערשטער אָפּהיטן אַלע ייִדישע קינדער פון אַזעלכע „פאַרקאָכטע קאַשעס" — זאָגט שיינטשע מיטן גאַנצן ערנסט — אַ שיין געלעכטער איז דאָס. מען קען חלילה פון דער וועלט גיין, פון אַזעלכע ביטערע קאַשעס.

2

ווי יעדער קינד וויל ווערן גרויס, אַזוי איז דאָס אויך געווען מיט משהלען; אַן אינערלעכער אינסטינקט האָט אים באַוויגן צו דערהויבן זיך העכער ווי ער איז. יעדן טאָג ווען ער איז געגאַנגען אין חדר אַריין און צוריק אַהיים, האָט אים געצויגן צו דער צוויי־שטאָקיקער רויטער ציגל־מויער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ טורעם־בנין אַקעגן די הילצערנע פּאַרטער־הייזער פון דער געגנט; אַרויפגעגאַנגען אין דעם דאָזיקן פּאָסט־בנין איז מען מיט ברייטע בעטאָן־שטיגן. אויף אָט די שטיגן האָט זיך משהלע דערהויבן צוויי מאָל אין טאָג: יעדן טאָג ווען ער איז געגאַנגען אין חדר אַריין, איז ער אַרויפגעגאַנגען אויף עטלעכע שטיגן און מיט הנאה אַראָפּגעקוקט צו די מענטשן אויף דער גאַס: — איך בין שוין גרעסער פון זיי! — האָט ער אין דער שפּיל זיך געפרייט. אַזוי האָט ער זיך געפירט אויך אַהיימגייענדיק פון חדר.

אָבער איין מאָל, ווען ער האָט זיך גאָרנישט געריכט, איז ער פּלוצלינג דערהויבן געוואָרן אויף אַזאַ הויכער מדרגה, אַז די

שטיגן פון דעם פּאָסט־בנין זענען געווען אַ נישטיקע קינדער־שפּיל אַקעגן דעם. געווען איז דאָס דעם ערשטן טאָג סוכות אין חסידים־שטיבל. באַלד נאָך מוסף, האָט דער פּאָטער דערלאַנגט משהלען דעם אתרוג מיטן לולב און איינגערוימט אים אין אויער:

— נעם, משהלע, דעם אתרוג און דעם לולב און טראָג אַהיים צו דער מאַמען, זאָל זי בענטשן אתרוג. גיי גלייך אַהיים, זאָלסט זיין פּאָרזיכטיק, זאָלסט זיך נישט פאַרשפּילן אויפן וועג, גיב אַכטונג דער אתרוג זאָל זיך דיר נישט אַרויסגליטשן פון דער האַנט, ס׳זאָל חלילה נישט אַראָפּפאַלן. זאָג דער מאַמען, אַז אין שטיבל איז אַ קידוש און די חסידים לאָזן מיך נישט אַהיים פאַר קידוש. באַלד דערנאָך וועל איך מיט יאָסעלען אַהיימקומען. וועסט געדענקען וואָס איך זאָג דיר?

משהלע האָט זיינע אייגענע אויערן און אויגן נישט געגלויבט. ער האָט געקוקט דעם פּאָטער אין די אויגן און געפּאָרשט מיט זיינע בליקן דעם פּאָטערס ווערטער. בין איך שוין טאַקע אַ גרויסער? האָט ער זיך געטראַכט, מיין פּאָטער געטרויט מיר דעם אתרוג מיטן לולב. אַ כשרן אתרוג פאַרפּאַקט אינעם זילבערנעם שאַכטל, איינגעוויקלט מיט ווייכן האָרפלאַקס. און איך דאַרף דעם אוצר אַהיימטראָגן אַזאַ וויטן וועג, פון שטיבל אָן אַזש ביז העט אַראָפּ, די גאַנצע לובלינער גאַס!

אָבער פון דעם פּאָטערס טאָן, ווען ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו אים, האָט משהלע זיך איבערצייגט, אַז ער דאַרף אויף אַן אמת אויסצופירן אַן ערנסטע זאַך. האָט ער גענומען אין איין האַנט דעם שאַכטל מיטן אתרוג און אין דער צווייטער האַנט דעם לולב און דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן האַסטיקער צו קלאַפּן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, צי די ייִנגלעך פון שטיבל זעען אים. דער עיקר האָט אים אינטערעסירט, צי זיין ברודערל, וואָס איז ייִנגער פון אים מיט צוויי יאָר, זעט אים איצט. גאווה געמישט מיט שרעק האָבן אים באַהערשט. ווען ער איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר אַרויס־צוגיין, האָט אים בעריש מאירס פאַרהאַלטן:

— לייג צוריק אַוועק דעם אתרוג מיטן לולב! ס׳איז נישט דיינס, דאָס איז אַ שטיבל־אתרוג. פאַר וואָס טראָגסטו דאָס אַוועק?

משהלע איז צוריקגעגאַנגען צום פאָטער און דערציילט אַז בעריש לאָזט אים נישט אַרויסגיין מיטן אתרוג. דער פאָטער האָט אים צוריקגעפירט צו דער טיר:

— האָב נישט קיין מורא, משהלע, ער איז אַ לאָבוז. גיי, משהלע, גיי אַהיים.

משהלע איז געגאַנגען פאַרזיכטיק אָבער שנעל, קיין איין סעקונדע האָט ער נישט מסיח־דעת געווען. אַ קלייניקייט עפּעס, טראַכט ער זיך, ער וועט אַהיימברענגען צו דער מאַמען דעם אתרוג צו בענטשן. די עלטערע שוועסטער זיינע וועט אים זיכער מקנא זיין. כאָטש זי איז מער ווי מיט צוויי יאָר עלטער פון אים, מוז זי וואַרטן ביז ער וועט אַהיימברענגען דעם אתרוג צו בענטשן. גייענ־דיק אַזוי מיט זיינע פאַנטאַזיע־מחשבות וואָלט ער פון דעסטוועגן געוואָלט דאָס שאַכטל מיטן אתרוג באַהאַלטן הינטער דעם קאַפּאָט־קעלע זיינעם, אָבער צוליב דעם הויכן לולב מוז ער דאָס טראָגן אָפן. ער גייט שנעל און וואַרפט בליקן, צי מען קוקט אים נישט נאָך. די גאַסן זענען אָבער גראָד ליידיק פון מענטשן. אַפילו די כעלעמער הויפּטגאַס, די לובעלסקי גאַס, איז פּוסט. ערשט אַראָפּצוצו, ביי ר׳ מאירל טאָמאַשאָווער, גייען די מתפללים אַהיים פון דאַווענען, אָבער קיינער לייגט נישט אויף אים קיין אַכט.

ווען ער איז צוגעקומען צו דער פּאָסט־געביידע האָט ער געזען, אַז אַלע מענטשן, וואָס אַרבעטן שטענדיק אין דער פּאָסט, שטייען איצט אין דרויסן, איבער אַלע שטיגן אין דער הויף. דאָ איז אים עפּעס אַ שרעק באַפאַלן. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט, זיך געמאַכט נישט זען די פּוילישע פּאָסט־מענטשן. אַנדערש ווי תמיד איז ער איצט פאַרבייגעגאַנגען און געקוקט גלייכגילטיק צו די פּאָסט־שטיגן און צו די מענטשן וואָס שטייען דאָרט. ער האָט געקוקט צום ערשטן הילצערנעם פאַרטערהויז פון אַקעגן איבער, גלייך נאָך דעם ליידיקן שטח. דאָס הויז וואָס זעט זיך אָן שוין אַזוי בולט,

איז זיין היים. דאָרט אינעווייניק וואַרטן זיין מאַמע, זיין שוועסטער. ס'איז שוין זייער נאָענט, נאָך עטלעכע מינוט — און ער איז שוין איבערגעקומען דעם גאַנצן וועג, ער איז שוין ביי זיך אין דער היים! ווען די מאַמע וואָלט גראָד איצט געשטאַנען ביים הויז, אויף דער גאַס, וואָלט זי אים געזען אָנקומען. זי וואָלט זיכער אים אַקעגנ־געגאַנגען. אָבער קיינער שטייט נישט דאָרט אויף דער גאַס, און אַז ער וועט אַריינקומען אין שטוב אַריין אומגעריכט, וועט די גדולה און פרייד זיין זייער גרויס. און ווי ער טראַכט אַזוי, איז עפּעס ווי אַ דונער פון הימל אַראָפּגעפאַלן אויף אים. ער האָט אַ ציטער געטאָן, ווען זיין הענטל איז פעסט איינגעקלעמט געוואָרן. משהלע האָט נאָך באַוויזן אויסצושרייען מיט זיין גאַנצן קינדערישן כוח, בקול־רם:

— מאַמע!

3

ווי נאָר באַשע־שפּרינצע האָט אויפגעמאַכט די אויגן, האָט זי שוין געפילט אַ הונגער. אַזוי ווי איר געוווינהייט, האָט זי אויך דאָס מאָל געוואָלט אַראָפּגיין פון בעט און זיך נעמען עפּעס עסן. אָבער מען טאָר דאָך נישט עסן פאַר אתרוג־בענטשן, ס'איז דאָך עפּעס דער ערשטער טאָג סוכות. איז זי נאָך אַ ביסל געלעגן אין בעט און אַריינגעקלערט: — ווו נעמט מען אַן אתרוג צו בענטשן? זי איז אַראָפּ פון בעט, אָנגעטאָן די האַלקע, גענומען אויף זיך די שאַל, און אַרויס אין דרויסן. דאָס מינאָשטשעכע געסל ווו באַשע־שפּרינצע האָט געוווינט, איז געווען פּוסט. זי איז געשטאַנען ביים ראָג איינ־געהילט אין דער שאַל און זיך אַרומגעקוקט איןביידע זייטן פון דער לאַנגער לובעלסקי־גאַס. אויך דאָ איז ליידיק — ס'איז דאָך יום־טוב ביי ייִדן, זענען די מענטשן ביים דאַווענען, אָדער מען רוט זיך אָפּ אין די שטיבן. בלויז איבער די הויכע שטיגן ביים פּאָסט־איינגאַנג שטייען די פּוילישע פּאָסט־אַרבעטער און באַאַמטע. זיי

וואַרעמען זיך אין די מילדע זונשטראַלן פון פריַען האַרבסט און שמועסן. וואָס האָבן זיי דען צו טאָן אין ייִדישן יום־טוב, אַז אַלע געשעפטן און ווערקשטעלן זענען געשלאָסן. אָפיציעל אַרבעטן זיי, ס'איז דאָך זייערס אַן אַרבעטסטאָג, אָבער פּאַקטיש געניסן זיי אויך פון ייִדישן יום־טוב — נישטאָ כמעט וואָס צו טאָן. שטייט זיך אַזוי אין ווינקל באַשע־שפּרינצע, איינגעהילט אין שאַל, אַז מען זעט זי נישט אַרויס. זי הערט די הויכע שמועסן, וויצן און געלעכטערס פון די פּאָסט־אַרבעטער אין דער הויך, אָבער אין זינען האָט זי אירס: — ווו נעמט מען אַן אתרוג צו בענטשן. זי האָט שוין געהאַט געוואָלט צוריק אַהיימגיין, זיך אָנטאָן אַ יומטובדיק קלייד און גיין אין שטאָט אַריין זוכן ערגעץ ווו אַן אתרוג, האָט זי פּלוצלונג, פון דער וויטנס, דערזען עפּעס אַ בליאַסק פון אַ לולב, וואָס שלאָגט זיך אָפּ אין די זונשטראַלן. בלייבט זי שוין שטיין נאָך אַ מינוט און פאָלגט נאָך דער באַוועגונג פונעם לולב. זי טראַכט: צי האָט זיך איר בלויז אויסגעדאַכט? אפשר איז דאָס גאָר אַן אָפּשיין פון אַ צווייג פון אַ בוים? נאָך אַ מינוט, און זי איבערציייגט זיך, אַז דאָס איז נישט קיין חלום, נאָר עמעצער דערנענטערט זיך צו איר מיט אַ ריכטיקן לולב, עפּעס אַ נידעריק ייִדעלע גייט מיט אַ לולב אין איין האַנט און אַן אתרוג אין דער צווייטער האַנט. האָט זי זיך שוין נישט גערירט פון אָרט און ווען זי האָט שוין דערקענט, אַז דאָס ייִדעלע איז גאָר אַ חדר־יינגל, האָט זי זיך שטאַרק געוווּנדערט: אַ חדר־ייִנגל טראָגט גאָר דעם אתרוג? זי האָט גוט געוווּסט, אַז אין כעלעם איז אַן אתרוג אַ יקר־המציאות. זעלטן ווער עס דערלויבט זיך פריוואַט צו קויפן אַזאַ זאַך. בפרט דעם ערשטן טאָג סוכות — געטרויט זיכער קיינער נישט אַ חדר־ייִנגל צו טראָגן אַן אתרוג. נישט אַנדערש, נאָר עפּעס אַ מלאך פון הימל איז איר צוגעשיקט געוואָרן. דאָס חדר־ייִנגל מיט אַן אתרוג איז זיכער אַ מלאך פון הימל. ביי אַ חדר־ייִנגל וועט זי גיכער קענען פּועלן, ער זאָל איר געבן דעם אתרוג צו בענטשן. זי האָט טיפער זיך אַרומגעוויקלט מיט דער שאַל, און ווען דאָס ייִנגעלע איז צוגעקומען ביז צום ראָג פון

מינאָשטשעכע געסל, האָט זי שנעל געטאָן עטלעכע טריט פאָרויס, אָנגענומען פעסט דאָס ייִנגל ביים הענטל, און געזאָגט צו אים מיט געבעט:

— אַ מצווה! ייִנגעלע, אַ מצווה! אַ ברכה אויף דיין קעפּעלע! האָב נישט קיין מורא, בלויז איין רגעלע, איך וועל נאָר בענטשן אתרוג, גייסטו שוין אַהיים.

משהלע האָט זיך געריסן מיט אַלע זיינע כוחות, ער האָט געוואָלט אַרויסשלעפּן זיין הענטל פון קלעם, אָבער זי האָט אים מיט כוח אַריינגעשלעפּט אין געסל אַריין. ווען זי איז שוין געווען מיט אים אין שטילן מינאָשטשעכע געסל, האָט זי זיך נאָך אַ מאָל אַראָפּגעבויגן צו אים און מיט גאָך מער תחנונים גערעדט צו אים:

— ציטער נישט, ייִנגעלע! האָב נישט קיין מורא, איך וועל דיר חס וחלילה גאָרנישט טאָן קיין שלעכטס. בלויז איין רגעלע, איך וועל נאָר בענטשן אתרוג, טייער ייִנגעלע, די גאַנצע וועלט מצוות אויף דיין קעפּעלע!

דערביי האָט זי אַרויסגעריסן פון זיין האַנט דאָס שאַכטל מיטן אתרוג און אָפּגעלאָזט זיין הענטל. דאַן איז זי שוין געגאַנגען אַליין פאָרויס מיט שנעלע טריט, טיפער אַריין אין געסל.

משהלע איז געוואָרן פאַרצווייפלט. ער האָט געוווּסט, אַז ער טאָר נישט פאַרפאַלן לאָזן דעם אתרוג. לויפט ער נאָך דער ייִדענע און שרייט אויפן גאַנצן קול:

— גיט מיר אָפּ דעם אתרוג! ס'איז מיין אתרוג!

אָבער באַשע־שפּרינצע מאַכט זיך נישט הערן זיינע געוואַלדן. זי שפּאַנט מיט נאָך שנעלערע טריט טיפער אין געסל ביז צום לעצטן הייזל. משהלע לויפט איר נאָך מיטן גאַנצן כוח ביז אין שטוב אַריין פון דער אתרוג־בענטשערקע.

— גיט מיר אָפּ מיין אתרוג, איך מוז שוין אַהיימגיין!

— איין מינוט, טייער ייִנגעלע, וועסט האָבן אַ גרויסע מצווה,

איך וועל נאָר בענטשן אתרוג. דו ווייסט דאָך, אַז ס'איז אַ גרויסע מצווה צו בענטשן אתרוג. וואָס ווײנסטו? נאַרעלע!

מיט די רייד האָט זי אויך דעם לולב אַרויסגעריסן ביי אים. זי האָט גלייך אויפגעוועקט אירע צוויי טעכטער, וואָס זענען נאָך געלעגן אין בעט:

—ביילע־שאָשע, נעכע־געלע! וואָס ליגט עץ נאָך אין בעט? איך האָב געבערענגט אַן אתרוג! שטייטס אויף, קומט בענטשן אתרוג!

די מיידלעך זענען אַרויס פון בעט און באַשע־שפּרינצע מיט אירע צוויי טעכטער האָבן אָנגעהויבן מישן אין מחזור און זוכן די ברכות פון אתרוג־בענטשן. זיי האָבן נאָך נישט פאַרענדיקט צו שאָקלען דעם לולב מיטן אתרוג, און שוין איז אַריינגעקומען אַ שכנה פון אַקעגן איבער — די הויכע דאַרע יידענע, מיטן צעקנייטשטן פּנים, איז געקומען צולויפן נאָך אין דער האַלקע מיט דער קופּקע אויפן קאָפּ — און זי שאַרט זיך גלייך צו צום טיש:

— באַשע־שפּרינצע לעבן! קיין עין הרע זאָל אייך נישט שאַטן, איר זענט אַ גרויסע בריהטע, אַז איר האָט געפּאַקט אַן אתרוג אין שטוב אַריין, איך האָב אייך געזען דורך דעם פענצטער גיין מיטן אתרוג.

אַזוי רעדנדיק האָט זי זיך פעסט צוגעדריקט צום טיש און אין גאַנצן פאַרשטעלט משהלען. אַז באַשע־שפּרינצע און אירע טעכטער האָבן פאַרענדיקט אתרוג־בענטשן, האָבן אירע צוויי דאַרע הענט שוין פאַרכאַפּט דעם אתרוג און לולב. אָבער איידער זי בענטשט אתרוג, מישט זי אויך אין מחזור; זי איז זייער אַ פרומע, נאָך מער ווי באַשע־שפּרינצע. שאָקלט זי זיך און זאָגט עטלעכע קאַפּיטלעך מיטן אתרוג און לולב אין די הענט, נאָך פאַר דעם אתרוג־בענטשן.

משהלע שטייט אין אַ זייט אין איין שרעק, בלוטיקע טרערן גיסן זיך אים פון די אויגן.

— וואָס העשעסטו אַזוי? — פרעגט באַשע־שפּרינצע מיט אַ תקיפותדיקן געבייזער — ביסט דען אַ גויִיש קינד? דו ווייסט נאָך נישט, אַז ס'איז אַ גרויסע מצווה צו בענטשן אתרוג?

משהלע הערט אויף וויינען. די טרערן גליווערן אים אין האַלדז. ער ציטערט פאַר פּחד אין דער פרעמדער שטוב, צווישן די פרעמדע ווייבער, וואָס האָבן פאַרגוואַלטיקט זיין אתרוג און לולב.

באַשע־שפּרינצעס טאָכטער,ביילע־שאָשע, מאַכט אויף די טיר און שרייט אַרויף אויפן בוידעם־שטיבל, דאָרט וווינט איר חברטע:

— פּייגע־לאה! פּייגע־לאה! קום שנעל אַראָפּ, ביי אונדז איז דאָ אַן אתרוג! גיכער, קום אַראָפּ!

אַזוי איז אין גאַנצן געסל באַוווּסט געוואָרן, אַז ביי באַשע־שפּרינצען אין שטוב איז דאָ אַן אתרוג און ווער ס׳האָט נאָר געוואָלט, האָט זיך אַריינגעשאַרט מקיים צו זיין די מצווה פון אתרוג־בענטשן.

פון מינאָשטשעכע געסל קומען כסדר אַריין אתרוג־בענטשערקעס, און יעדעס מאָל ווען עמעצער ענדיקט שאָקלען דעם לולב און דרייען דעם אתרוג, ציט משהלע אויס די האַנט:

— גיט מיר אָפּ! ס׳איז מיינס, מיין מאַמע וואַרט אין דער היים צו בענטשן אתרוג. איך מוז אַהיימגיין, אַהיימגיין — בעט ער זיך מיט די פאַרגליווערטע טרערן אין די אויגן.

באַשע־שפּרינצע נעמט אויף אַלע געסט, די אתרוג־בענטשערס, מיט אַ ליבלעך שמייכעלע; זי איז דאָך די העלדישע באַלעבאָסטע מיט אַן אתרוג און לולב ביי זיך אין שטוב, איז זי העפלעך צו אַלע און טיילט כבוד מיט דער ברייטער האַנט. זי זעט, ווי משהלע צאַפּלט פאַר שרעק, גייט זי נאָך אַ מאָל צו צו אים און שאָקלט מיטן קאָפּ:

— איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט אַ קלוג יינגעלע, דערווייל זע איך, אַז דו ביסט קליין געוואַקסן, אָבער האָסט שוין אַ פערדישן קאָפּ אויף זיך. וואָס מיינסטו זיך, אַז מען וועט דיר אַוועקגעבן דעם אתרוג, איידער מען וועט בענטשן אתרוג?

4

ווען משהלעס מוטער האָט געזען, אַז ס׳איז שוין צוויי אַ זייגער ביי טאָג און איר מאַן מיט די קינדער זענען נאָך נישט אַהיימ־

געקומען פון דאַווענען, האָט זי זיך באומרויִקט. זי איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס זען, צי זיי קומען שוין אָן. ענדלעך האָט זי זיך דערוואַרט. פון דער ווייטנס האָט זי געזען גיין איר מאַן, אָבער בלויז מיט יאָסעלען אַליין. זי האָט זיך געוווּנדערט און געוואָרן נאָך מער באַומרויִקט. זי האָט זיך בעסער אַרומגעקוקט: אפשר האָט זי נישט גוט דערזען פון דער ווייטנס? ווען זיי זענען אָנגעקומען נענטער, האָט זי געפרעגט:

— וואָס? ער איז נאָך נישט אהיימגעקומען? ס'איז דאָך שוין לאַנג, ווי איך האָב אים אַהיימגעשיקט מיטן אתרוג!

דערהערט, אַז איר משהלע האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיין אין דער היים, איז דבורה־גיטל געוואָרן אין גאַנצן פאַרצווייפלט. באַלד האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט אויך משהלעס זיידע־באָבע און אַלע פעטערס און מומעס, וואָס אַלע ווינען זיי אין זעלבן הויז. וואָס האָט געקאָנט געשען מיט אים? ווו זאָל מען אים גיין זוכן? פאַרשטייט זיך, אַז משהלעס באָבע, שיינטשע, איז אויך געווען פון די ערשטע וואָס איז דערשראָקן געוואָרן פון דער ידיעה, איז זי אויך אַרויס אויף דער גאַס, זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, געבראָכן די הענט און גערעדט צו זיך אַליין:

— מען זעט אים נישט, נישטאָ נעבעך אונדזער משהלע, ווי איז מיר! ער איז עפּעס ווי אין וואַסער אַריין!

די לעצטע ווערטער פון איר שוויגער האָט דבורה־גיטל דער־הערט: „ווי אין וואַסער אַריין", און משהלעס מוטער האָט דאָס אויפגענומען מיטן גאַנצן ערנסט פון אַזאַ מעגלעכקייט. זי האָט באַלד זיך אויסגעדרייט און געקוקט צום טייך, זי איז אויך צוגעגאַנ־גען אַריינקוקן אין וואַסער אַריין. וואָס מער זי טראַכט זיך אַריין אין דעם פאַקטישן באַדייט פון די ווערטער, אַלץ גרעסער איר פאַר־צווייפלונג. זי קוקט שוין מער נישט צום שמאָלן, לויטערן וואַסערלויף פון טייך, נאָר זי ווענדט איר בליק ווייטער, דאָרט אַהין, פון וואַנען דער טייך נעמט דעם כוח פון זיין אומאויפהערלעכן לויף, דאָרט, פון וואַנען די וואַסער־שטראָמען פלייצן אַרויס פון די פאַרבאָרגענע

תהומות מיט אַ רוישיקן שטורעם. פון דער ווייטנס זעט זי, ווי דער צעקרישלטער געפילדער פון די וואַסער־פליצן דרייען זיך אַרום איבערן תהום און שרייען אויס בקולי־קולות די מעכטיקע קראַפט פון סמבטיון.

דאָרט אַהין, צום „סקרענט", ווענדט דבורה־גיטל איצט איר בליק. זי געדענקט, אַז יעדעס יאָר, דערציילט מען, שלעפּט דער „סקרענט" אַריין אַ מענטש און מיט זיין מעכטיקן צאָרן שפּייט ער אויס שוין אַ טויטן. און דאָס יאָר? עפּעס האָט זי דאָס יאָר נישט געהערט דערציילן וועגן אַזאַ אומגליק. אָבער מען זאָגט דאָך, אַז ער מוז יעדעס יאָר האָבן אַ קרבן. און מיין משהלע, ציטערט זי, ווייִ איז מיר, אפשר, חלילה, דאָס יאָר? ווייִ איז מיר, מיין משהלע?!

ישראל־לייבעלע פאַרבער האָט געוווינט ביים כעלעמער טייך, דורך זיין פענצטער האָט ער געזען, ווי דבורה־גיטל גייט אַזוי פאַר־צווייפלט אויף דער שמאָלער סטעזשקע, לענג־אויס דעם ברעג פון טייך. ער האָט גוט געקענט דבורה־גיטלען נאָך פון די קינדעריאָרן אין וואָלאָדאַווע. איז ישראל־לייבעלע פאַרבער אַרויס צו איר און זי צוריקגערופן:

— דבורה־גיטל! וואָס איז געשען? צו וואָס גייט איר דאָרט אַהין?

— פרעגט גאָר נישט, וואָס פאַר אַן אומגליק, מיין משהלע, וויי איז מיר, מיין משהלע איז נישטאָ.

— ווו איז ער דען געגאַנגען? איז ער דען געגאַנגען אום סוכות זיך באָדן אין טייך?

דבורה־גיטל האָט זיך אָפּגערעדט פון האַרץ פאַר איר שטאָטישן פריינד, דערציילט אים, אַז זי האָט מיט מעכלען באַשלאָסן, אַז זי וועט וואַרטן מיטן פרישטיק עסן, ביז ער וועט קומען פון דאַווענען און מיטברענגען פון שטיבל דעם אתרוג, אַז זי זאָל בענטשן. אָבער ישראל־לייבעלע קאָן דאָס נישט פאַרשטיין, פרעגט ער:

— נאָך וואָס האָט איר דען געדאַרפט האָבן דעם אתרוג פון שטיבל־קהל, אייער שווער האָט דאָך אַן אייגענעם אתרוג.

— יעדעס יאָר בין איך טאַקע אַריינגעגאַנגען צו זיי בענטשן אתרוג — ענטפערט אים דבורה־גיטל מיט קרעכצן — אָבער דאָס יאָר טרעט איך נישט איבער זייער שוועל. די שוועגערינס האָבן אָנגעמאַכט אַ ברוגז. אָבער דער שווער האָט אַריינגעשיקט צו מיר זיין אתרוג און איך האָב געבענטשט, געגעסן פרישטיק. אומזיסט און אומנישט האָט מען געשיקט משהלען ער זאָל מיר ברענגען דעם אתרוג, און ער איז, ווײ איז מיר, ערגעץ ווו אַהינגעקומען. עפּעס אַזוי, ווי חלילה, אין וואַסער אַריין, אַזאַ אומגליק!

— איר זענט פאַרנאַרט געוואָרן? דבורה־גיטל! וואָס קוקט איר דאָרט אַהין צום „סקרענט"? ווו קומט ער דאָרט. ער איז דאָך נאָך אַ קינד, אפשר האָט ער זיך ערגעץ ווו פאַרשפּילט, און אפשר איז ער שוין אַהיימגעגאַנגען. וואָס שטייט איר נאָך דאָ? גייט אַהיים!

5

די ידיעה, אַז מיט משהלען איז עפּעס אַן אומגליק געשען, האָט זיך דערוויל פאַרשפּרייט ביי די איינוווינער פוןביידע זייטן כעלע־מער טייך. די שכנים זענען אַרויס אויף דער גאַס זיך נאָכפרעגן וועגן דער געשעעניש. גרופּקעס מענטשן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט רעדן וועגן די אַלע איינצלהייטן פון דער זאַך. יאָסעלע גלעזער האָט דאָס געניו געשילדערט פאַר די איינוווינער פון אַברהמטשע מילערס הויז. אַ צווייטער האָט איינגעקנעלט וועגן דעם מיט די לאָקאַטאָרן פון זאַיאַנטשקאָווסקען, אַ דריטער — פאַר די מענטשן פון מיכאַלענ־קעס מיל. קיינער האָט נישט געקענט באַשיידן דאָס רעטעניש. אין דער ערגסטער לאַגע האָט זיך געפונען משהלעס פאָטער אַליין. ער איז געווען אין אַ דאַפּלטן קלעם, אי פאַרצווייפלט פון משהלעס גורל, אי פון שאַנדע, וואָס ער אַליין איז געווען דער גורם. אָבער אין דער צייט ווען יעדער פון דער משפחה איז געווען איבער־געשראָקן און הילפסלאָז, איז משהלעס זיידע געווען רויק, ווי גלייכגילטיק. אָנגעטאָן די קאַפּאָטע מיטן גאַרטל, האָט ער ביידע

הענגט פאַרלייגט הינטער דער פּלייצע און זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר אין שטאָט אַריין. לאַנגזאַם, טראָט ביי טראָט, מיט ישוב־הדעת, אַ שפּאַן פאָרויס — אַ קוק רעכטס, נאָך אַ שפּאַן — אַ קוק לינקס. אַזוי גייט ער זיך, ווי דאָס וואָלט געווען אַ געוויינלעכער שפּאַציר. ער „ניוכעט" מיט די אויגן מער ווי ער גייט. אַזוי קוקט ער אַריין אין אַלע ליידיקע פּלעצער, פון רעכטס און לינקס. ער קוקט טיף אַריין אין געסל פון דער „קאָזע" און אַרויף אויף דעם פּאָסט. אומעטום איז פּוסט, מען זעט נישט קיין לעבעדיקן מענטש. ווען ער האָט שוין געוואָלט מאַכן נאָך אַ טראָט אין שטאָט אַריין, האָט ער פּלוצלונג באַמערקט אין דער טיף פון מינאָשטשעכע־געסל זיך עפּעס באַוועגן. אפשר איז דאָס מיין אייניקל משהלע? פּיקט אים אַ געדאַנק. בלייבט ער שוין שטיין און פאָלגט נאָך דער געשטאַלט; נאָך אַ סעקונדע, און ער דערקענט שוין אויף זיכער: ס'איז טאַקע משהלע מיטן לולב און אתרוג אין די הענט. גייט שוין זעליק מיט שנעלע טריט גלייך צוריק. פון דער ווייטנס ווייזט ער מיט די הענט און שרייט אויס בקול רם: ער גייט! ער גייט! ווי אַ וויכער צע־טראָגט זיך די ידיעה, אַז משהלע איז דאָ. ער איז אַהיימגעקומען גאַנץ און טראָגט דעם אתרוג מיטן לולב. די הויכע דינה לויפט שנעל אַריין צו דבורה־גיטלען אָנזאָגן די בשורה־טובה: — אייער משהלע גייט! ער איז דאָ, משהלע! ווען ער איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין און דער פאָטער האָט אים געפרעגט: ווו ביסטו געווען אַזוי לאַנג? האָט דבורה גיטל אים צוגענומען צו זיך, אַרומגעהאַלדזט אים מיט ביידע הענט. דערביי האָט זי דערפילט, אַז ער איז נאַס, דורכגעווייקט פון שרעקעוודיקער נויטשוויים. האָט דבורה־גיטל אויסגעשריגן:

— ער איז פּיטש־נאַס, משהלע, וויי איז מיר, ווי פון וואַסער אַרויס!

# שמחת־תורה ביים רבין ר׳ מאָטעלע

נאָך איידער שרה האָט חתונה געהאַט, ווען זי איז נאָך געווען אַ מיידל אין דער היים, אין קראַסנעסטאַוו, האָט זי געהערט דערציילן וואונדערלעכע מעשיות, וואָס ס׳טוט זיך אָפּ אין כעלעם, ווי אַזוי מען פּראַוועט דאָרט די שמחה־תורה־הקפות אין קוזמירער שטיבל מיטן רבין ר׳ מאָטעלע בראש. איצט, אַז זי איז שוין נאָך דער חתונה און זי וווינט טאַקע אין כעלעם גופא, וואָלט זי געוואָלט אַליין זען, מיט די אייגענע אויגן, ווי אַזוי דאָס זעט אויס. זי האָט זיך אָבער געשלאָגן מיט דער דעה; עפּעס האָט איר געשטערט. ס׳איז נישט שיין, דאָס פּאַסט פאַר קינדער, אָדער קליינע מיידעלעך, אַריינצוגיין אין אַ מענערישן חסידים־שטיבל, כדי צוצוקוקן זיך ווי אַזוי דער רבי מיט די חסידים טאַנצן די הקפות, אָבער פאַר מיר, די חתונה געהאַטע טאָכטער פון ר׳ מעכעלע דיין פון קראַסנעסטאַוו?

אָבער פון דער אַנדערער זייט — ווער קען מיך דען אין כעלעם? ווער ווייסט דען, אַז איך בין ר׳ מעכעלע דיינס טאָכטער פון קראַס־נעסטאַוו און אַז איך בין שוין אַן אשת־איש? דער אמת איז אָבער, אַז די גרעסטע צרה פאַר שרהן איז דאָס וואָס זי וווינט צוזאַמען מיט דער פרומער שוויגער. מילא מיט אים אַליין, מיט איר מאַן הערש־מאיר, וואָלט זי שוין זיכער אַדורכגעקומען, אָבער וואָס וועט זאָגן דערצו די פרומע שוויגער אירע?

— מאַמע! איך גיי מיט זעלדען אין קוזמירער שטיבל אַריין זען די הקפות פון רבין ר׳ מאָטעלע — אַזוי האָט אין יענעם שמחת־תורה־אָוונט געזאָגט יענטע־רייזעלע צו איר מוטער.

— יענטע־רייזעלע, וואָס טוט זיך מיט דיר? ס׳איז דאָך שוין

נאַכט, שוין שטאָק פינצטער, צוויי קינדער גייען נישט אַליין ביי נאַכט אַזוי וויט אין שטאָט אַריין.

— מאַמע! איך וויל גיין מיט זעלדעלען, איך האָב נישט קיין מורא...

— יענטע־רייזעלע! דער טאַטע וועט דאָך באַלד קומען פון דאַוונען, ער וועט מאַכן קידוש, דו דאַרפסט דאָך טרינקען וויין פון קידוש, דו ווילסט דאָך אויך צוהעלפן דערלאַנגען צום טיש, ביסט דאָך שוין אַ גרויס מיידעלע, דו ווייסט דאָך, אַז מיידלעך גייען נישט צו אַ רבין צו די הקפות.

— נישט אמת, מיידלעך גייען יאָ, אַלע מיידלעך גייען זען די הקפות ביים רבין ר׳ מאָטעלע, נאָר איך טאָר נישט.

אין מיטן פון יענטע־רייזעלעס געוויין קומט אַריין איר באָבע, איז יענטע־רייזעלען באַלד גרינגער געוואָרן אויף איר הערצל. זי האָט זיך אָנגעהאַלטן אין איר באָבעס קלייד און מיט טרערן אין די אויגן זיך באַקלאָגט:

— די מאַמע לאָזט אונדז נישט גיין זען די הקפות.

שיינטשע האָט דיביידע צדדים, איר שנור מיט איר אייניקל, אויסגעגלייכט, יענטע־רייזעלען האָט זי געגלעט:

— וויין נישט, דו ביסט דאָך שוין אַ גרויסע! ס׳איז נישט שיין, פאָלג דער מאַמען — דערביי האָט זי זיך אויסגעדרייט צו איר שנור: — דבורה־גיטל, לאָז די קינדער גיין. שרה וועט זיי פירן, איך האָב געפועלט ביי שרהן, זי זאָל די קינדער פירן, אַכטונג געבן אויף זיי און צוריק אַהיימברענגען.

יענטע־רייזעלע דערפילט, אַז דער וועג איז שוין פריי פאַר איר, לויפט זי אַרויס פון שטוב.

— יענטע־רייזעלע! קום איין מינוט — רופט איר די מוטער צוריק — טו כאָטש אָן דאָס מאַנטעלע, ס׳איז דאָך שוין קאַלט, וועסט זיך נאָך, חלילה, פאַרקילן.

שרה איז געווען זייער צופרידן פון דעם צופאַל וואָס איר שוועגערין האָט נישט געלאָזט די קינדער גיין אַליין ביי נאַכט, אָבער

זי האָט דאָס נישט אַרויסגעוויזן, פאַרקערט, זי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי גייט בלויז פירן די קינדער. זי האָט ביידע מיידעלעך אָנגענומען ביי די הענטלעך און געגאַנגען. צוקומענדיק צום קזשיווע־געסל האָט מען שוין געהערט דאָס געזאַנג פון קוזמירער שטיבל אַרויס; וואָס נענטער זיי זענען געקומען, אַלץ העכער האָט אָפּגע־הילכט דאָס קול פון די מענעריש־חסידישע ניגונים. שרה מיט די מיידלעך האָבן פאַרשנעלערט דעם גאַנג, אָבער צוקומענדיק נאָענט האָבן זיי דערזען אַ סך פרויען שטייען אין דרויסן, ביי די אָפענע פענצטער און טיר. אַלע קוקן זיי אַריין אינעווייניק און הערן זיך איין אין די געזאַנגען.

שרה איז דרייסט צוגעגאַנגען מיט די קינדער צו דער טיר און כאָטש די פרויען זענען געשטאַנען געדיכט אַרומגעשטעלט, ווי אַ לעבעדיקע וואַנט, האָט זי מיט כוח געשטויסן די מיידלעך פאַר זיך און אַריינגעשטופּט זיי אינעווייניק, דערביי האָט זי זיך אַליין אויך מיטגעשטופּט מיט די מיידלעך. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, זינט זי איז צום שכל געקומען, געפינט זי זיך אינעווייניק אין אַ חסידים־שטיבל, אַפילו מיידלוויז פלעגט זי שטענדיק גיין אין עזרת־נשים. שרה איז צופרידן וואָס דער חסידישער עולם אין קוזמירער שטיבל איז אַזוי בגילופין בשעת די הקפות, אַז זיי „זעען נישט" די נשים אין זייער חסידים־שטיבל. ס'איז דאָך עפּעס שמחת־תורה, די הקפות מיטן רבין ר' מאָטעלע בראש!

אינעווייניק איז ענג פון מענטשן. דער גרויסער זאַל פון קוז־מירער שטיבל איז אָנגעפּראָפּט. אַפילו אויף די פענצטער שטייט מען מיט אָנגעשטרענגטע בליקן צו די הקפות. אויך אויף די טישן און בענק וואָס זענען פאַררוקט אין אַ זייט אַריין, שטייען אויסגעשטעלט קינדער, מיידלעך און יונגע ווייבלעך. אָבער שרה שניידט זיך אויך אינעווייניק אַדורך אַ וועג, שטופּט די צוויי מיידלעך פאָרויס ביז צום טיש. ווען זי שטייט שוין מיט זיי ביים טיש, הייבט זי זיי אויף און שאַרט זיי אַריין צווישן די טיש־שטייערס. דערנאָך רייסט זי זיך אַליין אויך, מיט כוח אַרויף אויפן טיש. איצט קאָן זי שוין

באַנעמען מיט די אייגענע אויגן די אַלע אַטראַקציעס פון די טענץ און געזאַנג בעת די הקפות אין קוזמירער שטיבל.

שטייט שרה מיט די קינדער אויפן טיש. זי קוקט זיך צו, שלינגט מיט די אויגן די פאַרשידענע אופנים, אויף וועלכע דער רבי ר' מאָטעלע פירט אויס זיין פרייד מיט דער תורה. ביים אָנהויב פון אַ הקפה האַלט ער זיין ספר־תורהלע אויפן אַקסל, ווי אַלע האַלטן די ספרי־תורות. אין פאַרלויף פון אַרומקרייזן אַרום בעלעמער טאַנצנדיק, נעמט ער זיין ספר־תורהלע אַרונטער אונטערן טלית און דריקט דאָס מיט ביידע הענט פעסט צו צום האַרץ. דערנאָך נעמט ער דאָס צוריק אַרויס פון אונטערן טלית און הייבט דאָס ספר מיט ביידע הענט אַרויף איבער זיין קאָפּ און איז דאָס מעלה ומוריד. דאָס ספר־תורהלע טאַנצט אַזוי איבער זיין קאָפּ און ער אַליין טאַנצט אונטער דעם ספר. דער קירצערער פוס, איבער וועלכן דער רבי לאָמט אַ ביסל אונטער אַ גאַנץ יאָר אין גיין, איז אין דער צייט פון די הקפות אויך פול מיט טאַנצנדיקן כוח און דאָס גיט צו נאָך מער חן צו דעם רבינס פירן די הקפות. די חסידים פון אַרום און אַרום זינגען בשעת מעשׂה בקול רם.

אַלע קוקן זיך צו צו די תנועות און הויות פון רבין, פון זיין שוואַכן קערפּער. די חסידים ווערן נתפּעל און שטרענגען זיך אָן אָנצוהאַלטן בלי הרף דאָס געזאַנג. פאַר אַלעמען ווערט אַנטפּלעקט דער וווּנדער, ווי אַזוי דעם רבין ר' מאָטעלעס צוויי דאַרע הענט שטרעקן זיך אַרויף, האַלטן פעסט צו די עץ־החיימס און הייבן דאָס ספרל אַרויף־אַראָפּ און אין אַלע פיר זייטן, מזרח, מערב, צפון און דרום. דאָס איז פאַר דעם עולם פונקט ווי אַ דיריגענט, וואָס גיט דעם טאָן פאַר דער שלימותדיקער אויספירונג.

פון גרויס ביז קליין, אַפילו די קוים דערוואַקסענע קינדער צווישן עולם און די וואָס שטייען אויף די טישן, העלפן צו זינגען. מיט זייער תמימותדיקער קינדישער פרייד שניידן זיך אַריין זייערע לויטערע קולות אינעם אַלגעמיינעם חסידישן געזאַנג. אָבער דאָס זענען בלויז די געזאַנגען פון ייִנגלעך און פון קליינע מיידלעך.

דאַקעגן די מיידלעך און יונגע ווייבלעך, וואָס שטייען אויף די פענצטער, טישן און בענק, זאַפּן איין אין זיך די בילדער און טענער. זיי זינגען אינערלעך, מיט האַרץ, אָבער נישט מיטן מויל.

אויך יענטע־רייזעלע און זעלדעלע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע לויטער־שיינע קולעכלעך, זייערע שטימען האָבן זיך אָפּגע־שלאָגן פון דעם אַלגעמיינעם געזאַנג און צוגעצויגן די אויפמערק־זאַמקייט פון אַרום. איינער, אַן אַלטער חסיד וואָס צו זיין אויער זענען דערגאַנגען די לאָקנדיקע געשליפענע קלאַנגען, דרייט זיך אויס צו זען ווער עס זינגט אַזוי זיס, אַזש אַ תענוג צו הערן. ער דערזעט די צוויי מיידעלעך אויפן טיש און ער קוקט צו זייערע פנימער, וואָס האַלטן אונטער אַזוי פריי דאָס חסידישע געזאַנג.

— מיידלישע טענער! — שעפּטשעט דער אַלטער. ער האָט תיכף דערקענט אין קול די באַזונדערקייט, די אויסגעלאַסנקייט, וואָס שטעקט אין אַזעלכע טענער. שטרענגט ער אָן די אויגן צו זיי און פירט דורך אַ פינגער פּאַר זיין מויל, אַ צייכן אַז: — שאַ! די קליינע מיידעלעך זענען אָבער אַזוי פריי ביי זיך, אַז זיי לייגן נישט קיין אַכט אויף דעם אַלטנס ווונק, פאַרקערט, זייערע פּנימער לאַכן נאָך פרייער, מיט גרויס הנאה זינגען זיי נאָך העכער, מיט אומגעצוימטער קינדערישער פרייד.

שרה איז אָבער רויט געוואָרן. זי האָט זיך איינגעבויגן און אַריינגעשושקעט די מיידלעך אין די אויערן אַריין:

— שטילער, קינדער! זינגט נישט הויך, מען טאָר נישט.

— פאַר וואָס מעגן זיי? — פרעגט יענטע־רייזעלע איר מומע שׂרה.

— זיי מעגן — ענטפערט שרה — יינגלעך מעגן העלפן זינגען, איך זינג אויך נישט, מען וועט דאָך אונדז אַרויסוואַרפן, מיידעלעך מעגן זינגען זייער שטיל, אַז קיינער זאָל נישט הערן.

די אַנטוישונג פאַרכמורעט תיכף די קינדערשע פּנימלעך פון יענטע־רייזעלען און זעלדעלען. זיי האַלטן שוין איין דעם אָטעם, קוקן, הערן און — שווייגן. אָבער דער עולם האַלט אין איין מרעיש־

עולמות זיין, דער חסידישער הקפות־טאַנץ און געזאַנג ווערט כסדר אַלץ מער געשטאַרקט.

אין מיטן פון אָט דעם העכסטן קוראַזש ווערט פלוצלינג אָפּ־געהאַקט דאָס געזאַנג. מען בלייבט שטיין מיט אָפענע מיילער, בישט צו פאַרענדיקן דעם טאָן. דער גאַנצער עולם ווערט שטיל, מיט איין מאָל איז אַלץ אָפּגעשטעלט געוואָרן. וואָס איז געשען? אין אַלע ווינקלען פון קוזמירער שטיבל הערט מען דעם אַלאַרם־געשריי פון חסידים: — אַ שטול! אַ שטול! און פאַר אַלעמען איז שוין קלאָר, אַז דער רבי ר׳ מאָטעלע איז שטיין געבליבן, די הקפה איז פאַר־ענדיקט. איבער די קעפּ פון די מענטשן ווערט שנעל דערלאַנגט די שטול, פון האַנט צו האַנט ביז צום רבין. דער רבי זעצט זיך אַנידער אַ ביסל אָפּצורוען. דערנאָך איז מען ממשיך די ווייטערדיקע הקפות אויף דעם זעלבן אופן, אַזוי חזרט זיך דאָס איבער ביז נאָך אַלע זיבן הקפות.

ווען שׂרה האָט אַהיימגעפירט די מיידעלעך, האָט זי אונטער־געהערט די שמועסן פון די קוזמירער חסידים אויף דער גאַס:

— ר׳ גאָדל, זאָגט מיר, פון וואַנען נעמט זיך צום רבין ר׳ מאָטעלע, קיין עין־הרע נישט, ער זאָל מאריך ימים ושנים זיין, אַזאַ כוח, אויסצוטאַנצן אַלע זיבן הקפות?

אַ צווייטער ענטפערט:

— פאַר וואָס פאַרשטייסטו נישט? דער כוח פון נפש שטאַרקט במילא דעם כוח פון גוף.

גייט שרה מיט די קינדער איבער די שטילע גאַסן פון חצות הלילה און עס קלינגען אָפּ די חסידישע שמועסן. דער לעצטער ווענדט זיך צום ערשטן, צו דעם, וואָס האָט געשטעלט די פראַגע:

— זאָג מיר נאָר, יונגערמאַנטשיק, פאַר וואָס פרעגסטו נישט פון וואַנען נעמט זיך צום רבי אַזאַ חריפותדיקער געדאַנק צו אַזוי פיל גימטריות בשעת דעם תורה־זאָגן ביי די „טישן״?

— ס׳איז טאַקע פלאי פלאים!

אינעם עכאָ איבער די שטילע גאַסן קלינגט אָפּ די חסידישע התפּעלות:

— ס'איז באמת פּלאי פּלאים!

# מחנה יהודה און מחנה ישראל

## לאהלע און שרהלע

דער טאָג איז געווען אַ ליכטיקער, די זון איז שוין געשטאַנען הויך און געגלעט, דערוואַרעמט יעדערן, ווער ס׳איז נאָר געקומען איר אַנטקעגן. אָבער כעלעם, דאָס יידישע כעלעם, האָט נישט אין זינען געהאַט אַזעלכע נאַרישקייטן. ווי קאָן מען דען זיך פאַרגינען צו געניסן פון די געשענקטע זוניקע טעג אין חודש שבט, ווען יעדער איז פאַרנומען איבערן קאָפּ מיטן אַרויסצוציִען די פרנסה, ווער מיט מסחר, ווער מיט מלאכה, מיט שווערער אַרבעט און מיט זאָרגן און עגמת־נפש.

אַן אויסנאַם איז געווען לאהלע, דאָס צוועלף־יעריקע מיידל, מיט איר חברטע שׂרהלע. זיי האָבן דוקא יאָ זיך אַוועקגעשטעלט אין יענעם וואָכעדיקן מיטוואָך אין הויף אַקעגן דער זון און אויפגענומען מיט פרייד די וואַרעמע זונשטראַלן. די האָפענונג האָט אַרויסגע־שטראַלט פון זייערע פנימער דורך זייער פרייער שפּיל. די שפּיל איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס לאהלע האָט פאַר איר חברטע אַרויסגע־וויזן איר קענטעניש אין זינגען אַ ניי ליד. שרהלען איז דאָס ליד זייער געפעלן, האָט זי אויך אָנגעהויבן איינחזרן די ווערטער פון ליד איין מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז די שפּיל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ כאָר פון די צוויי מיידלעך.

וואָס איז דאָס פאַר אַ ליד? ס׳איז אַ יִדיש ליד, אָבער נישט אין דער יִדישער שפּראַך, ס׳איז אַ לשון־קודשדיק ליד, אָבער אויך נישט פון דעם מין לשון־קודש, מיט וועלכן ס׳באַנוצן זיך זייערע טאַטעס און זיידעס. ס׳איז אַ לשון־קודש פון עברית. די מיידלעך

פאַרשטייען נאָך אַפילו נישט אַלע ווערטער פון דעם ליד. עס זענען אָבער געווען די עטלעכע ווערטער, וואָס זיי פאַרשטייען יאָ, אַז זיי זאָלן דערפילן אַ דערקוויקונג אין זייערע יונגע הערצער. דאָס איז די אינטויִציע פאַר אַ ליד וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלקסליד פון דער נייער צייט. שטייען זיי אַזוי איינע אַקעגן די צווייטע מיט לאַכעדיקע פּנימער און חזרן איין דאָס עברית־ליד, און וואָס מער זיי חזרן זיך איין, אַלץ בעסער פאַרשטייען זיי דעם באַדייט פון די ווערטער, פון דעם פרייִלעכן מאַרש־געזאַנג. זינגען זיי וואָס אַ מאָל העכער, לוסטיקער, פרייער:

— שׂאו ציונה נס ודגל,<br>
דגל מחנה יהודה.<br>
מי ברכב מי ברגל...

## דור דור ודורשיו

אויסער די צוויי מיידלעך, האָבן זיך דריי דערוואַקסענע כעלעמער באַלעבאַטים אויך אַוועקגערוקט אין אַ זייט פון דעם וואָכעדיקן כעלעם. אין דעם זעלבן מיטוואָכדיקן טאָג האָבן דריי חסידישע ייִדן פאַרנאַכלעסיקט זייערע געשעפטן און זיך אַריינגעזעצט אין אַ שטוב פון דעם זעלבן הויז, ווו די צוויי מיידלעך האָבן זיך געשפּילט אין הויף. ס'איז געווען בלויז אַ צופעליקייט, וואָס אין דעם זעלבן טאָג און אין דעם זעלבן הויז, האָבן צוויי דורות פאַרברענגט מחוץ פון דעם וואָכעדיקן טאָגטעגלעכן לעבן אין כעלעם, אַ טרעפונג וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום צוזאַמענהאַנג צווישן זיך.

פאַרשטייט זיך, אַז דער געענדערטער סדר־עולם פון די דריי חסידישע ייִדן האָט געטראָגן אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער ווי די קינדערשפּיל אין הויף. דאָס איז געווען אַן ערנסטער און זאַכלעכער ענין, וואָס מען דאַרף דערליידיקן.

איינער פון זיי איז געווען דער הויכער מאיר בערישעס, דער שאַרפער עילוי און שיינער בעל־תפילה; דער צווייטער — זיין

שוואָגער דוד זאַמאָשטשער, אַ מענטש פון ערנסטע זאָרגן, אָבער מיט אַ ליבלעכן בליק פאַר יעדערן; דער דריטער, מעכל זעליקס, האָט פאַרמאָגט אין זיך די מעלות פון דיביידע דערמאָנטע ייִדן. אין יענעם טאָג האָבן זיי איבערגעלאָזט זייערע אַלע דאַגות־הפרט, ווייל דער ענין איז נישט געווען נוגע בלויז זיי דריי אַליין, דאָס זענען זיי געווען די שליחי־ציבור פון די סאָקאָלאָווער חסידים פון כעלעם און אומגעגנט.

כדי תופס צו זיין די וויכטיקייט פון אָט דער קליינער כעלעמער אַסיפה, מוזן מיר אויף עטלעכע מינוט צוריקבליקן צו דעם בראשית פון דער וויכטיקער געשעעניש.

## קאָצק — סאָקאָלאָוו — כעלעם

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס מיט דער שפּאַלטונג פון קאָצק, ווען די קאָצקער חסידים אין כעלעם האָבן זיך, ווי באַוווסט, צעטיילט אויף לוקאָווער, פולאָווער און סאָקאָלאָווער און עס זענען אַנטשטאַנען באַזונדערע חסידים־שטיבלעך. דעמאָלט האָבן די סאָקאָלאָווער חסידים אין כעלעם אָנגעהויבן טראַכטן וועגן שרייבן אַן אייגענע ספר־תורה. דערווייל האָט מען זיך באַנוצט מיט אַ געליגענע ספר־תורה פון שול. די סאָקאָלאָווער חסידים אין כעלעם האָבן געהאַט אַמביציעס. זיי האָבן געטענהט, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין אָרעם קהל. נאָך דעם ווי ס'זענען איינקאַסירט געוואָרן די ערשטע צענדליקער רובל, האָט מען גלייך איבערגעגעבן דאָס געלט דעם סופר און ער האָט אָנגעהויבן שרייבן דאָס ספר. לאַנגזאַם, אָבער זיכער, איז די זאַך געגאַנגען פאָרויס. נאָך יעדע עטלעכע יריעות שריפט פונעם סופר האָט מען איינקאַסירט נאָך עטלעכע רובל. אַזוי טריט ביי טריט, ביז ס'איז משלים געוואָרן צום סיום־הספר.

אַז השי"ת האָט געהאָלפן און מען האָט שוין אַזוי ווייט, איז דאָך אָנגעקומען ביי ייִדן צו יום־טובן דעם סיום הספר מיט גרויס פאַראַד. האָט זיך ערשט רעכט אָנגעהויבן די אָפטע אַסיפות פון די

סאָקאָלאָווער חסידים אין כעלעם, די צוגרייטונג צו דער שמחה. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן איינצולאַדן דעם סאָקאָלאָווער רבין ר׳ יצחק זעליק מאָרגנשטערן צו דער גרויסער שמחה קיין כעלעם, כדי די זאַך זאָל האָבן מער אָנזען און גרויס חשיבות.

צו דעם האָט מען געדונגען און אויפגערוימט אַ דירה פון דריי צימערן אויף דער נייער צאָל־גאַס. דאָס גרויסע צימער איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ מקום־קדוש צו דאַווענען בציבור, אויף צו גרייטן די טישן און צו פייערן דעם סיום הספר, די צוויי קלענערע צימערן — פאַרן רבינס אכסניה. אָבער די אמתע אַרבעט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, ווען מען האָט, צוזאַמען מיט סאָקאָלאָוו, באַשטימט דעם געננויעם טאָג פון דעם רבינס קומען קיין כעלעם. די צייט ביז דעם רבינס קומען איז שוין געווען קורץ און ס׳איז געווען נויטיק מודיע צו זיין וועגן דעם גרויסן געשעעניש צו אַלע סאָקאָלאָווער חסידים פון די שטעט און שטעטלעך אין דער כעלעמער געגנט, ווייל אַזעלכע חסידים זענען דאָך ברוך השם, פאַראַן אומעטום, אַפילו אין די קליינע שטעטלעך און אין די דערפער, ווער שמועסט אין די שטעט, ווי ווּלאָדאַווע אָדער כרוביעשאָוו וכדומה. זיי אַלע מוז מען איצט מודיע זיין, כדי ס׳זאָלן קומען וואָס מער חסידים פון גאַנצן כעלעמער ראַיאָן צו דער דאָפּלטער שמחה: פון סיום הספר און צום רבינס קומען קיין כעלעם.

## ישיבה של מעלה וישיבה של מטה

דאָס איז געווען דער סדר־היום פון דער קליינער כעלעמער אסיפה פון די דריי סאָקאָלאָווער חסידים אין אַ וואָכעדיקן טאָג. מאיר בערישעס, וועלכער האָט געהאַט אַ טבע שטענדיק זיך צו פאַרשפּעטיקן צום מוסף־דאַווענען און דער עולם האָט געמוזט וואַרטן אויף אים, האָט דאָס מאָל זיך נישט פאַרשפּעטיקט. פינקטלעך 9 אַזייגער אין דער פרי איז ער שוין געווען ביי דוד זאַמאָשטשער אין

שטוב און נאָך איידער מעכל זעליקס איז געקומען, האָט ער שוין פאַרגעלייענט דעם נוסח פון דעם שריפט בזה הלשון:

ב״ה חלם ראש חודש שבט תרע״א

לכל חסידי סאָקאָלאָוו

דערמיט זענען מיר אייך מודיע, אַז רבינו שליט״א וועט אויף שבת הבע״ל קומען קיין כעלעם. מיר וועלן איה״ש זיך אויך משמח זיין ביחד ובחדוה ביים סיום הספר, וואָס מיר האָבן ב״ה זוכה געווען איינצופירן.

בשם חסידי סאָקאָלאָוו דק״ק חלם.

ווען מעכל זעליקס איז געקומען, האָט מען גלייך אָנגעהויבן שרייבן די רוסישע אַדרעסן. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָבן זיך אַרויסגעוויזן שוועריקייטן. מען האָט געמוזט וויסן, אַז למשל, יעקב־ישׂראל אַברהמס הייסט אויפן פאַמיליע־נאָמען פרידמאַן. אויך, אַז דער אַלטער ירמיהו פון טישעוויץ איז יעקב־ישׂראל אַברהמס אַ פעטער און הייסט אויך פרידמאַן. אָבער ווי אַזוי שרייבט מען קיין כרוביעשאָוו צו אברהמעלע־משה עלעס, אָדער קיין דובענקע צו מאיר־דודן, אָדער קיין גאַרשקאָוו צו גערשעלע מענדלס? בקיצור הדבר ס׳האָט נישט געפעלט קיין דאגות, מען מוז זיך צוזאַמען באַראַטן, זיך דערמאָנען מיט וועמען דער אָדער יענער איז משפחה, ווי אַזוי איז דער פאַמיליע־נאָמען פון זיין פאָטער אָדער זיין פעטער, ווי אַזוי הייסט די גאַס, וווּ ער וווינט, אויף רוסיש און דאָס גלייכן. די רשימה פון די סאָקאָלאָווער חסידים אין כעלעמער ראַיאָן איז ב״ה אַ גרויסע און מען וויל שיקן וואָס מער קאַרטלעך.

לכתחילה, ווען זיי האָבן געהערט דאָס געזאַנג פון הויף, האָבן זיי נישט געלייגט קיין אַכט. ערשטנס, איז דאָס געווען אַ קול דממה דקה, אַ שטילער אָפּקלאַנג בלויז. צווייטנס, האָט מען געמיינט, אַז די זינגערס וועלן באַלד אויפהערן. ס׳איז אָבער געשען פאַרקערט, דאָס קול פון ליד האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט און זיך געלאָזט הערן אין דער שטוב פון דעם מזומן חסידישע ייִדן. די לשון־קודש־דיקע ווערטער פון ליד זענען פאַר די חסידישע ייִדן געווען גאָר

גוט פאַרשטענדלעך, זיי זענען אָבער מסיח־דעת פון דער אַזוי וויכ־טיקער און שווערע אַרבעט פון שרייבן ייִדישע נעמען אויף רוסישע אַדרעסן.

לסוף גייט דוד זאַמאָשטשער צו צום פענצטער, ער קוקט אַראָפּ און דערקענט די שכנהשע מיידלעך, לאהלען און שרהלען. אַ מינוט שטייט ער אַזוי, קוקט זיך איין און גאַפּט ווי אַזוי זיי שטייען איינע אַקעגן דער צווייטער. מיט וואָס פאַר אַ זאָרגלאָזיקייט זיי זינגען. די האָפענונג אַליין ריזלט אַרויס פון זייערע בלוטרויטע צאַרטע ליפּעלעך. אָבער נישט בלויז מיטן מויל — זיי זינגען אויך מיט די אויגן. זיי באַוועגן מיט די הענט און טופּען מיט די פיס, אַזוי ווי אין אַ מאַרש:

— שׂאו ציונה נס ודגל,
דגל מחנה יהודה.
מי ברכב מי ברגל...

— וואָס האָסטו זיך דאָרט אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער? דוד, קום שוין אַהער! — רופט אים מאיר בערישעס.

דוד זאַמאָשטשער, ווי פון שלאָף אויפגעוועקט געוואָרן, האָט זיך בייזערנדיק אַרויסגעשריגן צו די מיידלעך:

— חצופות! מיידן טאָרן נישט זינגען!

לאהלע מיט שרהלען האָבן זיך דערשראָקן און זיי זענען זיך צעלאָפן.

# רחלע קלאָדניעוו

רחלע קלאָדניעוו איז געווען אַ כעלמערין — אַן אשת חיל, פול מיט ענערגיע, ווי אַ פרוי, אַ מוטער און באַלעבאָסטע אין דער שטוב־ווירטשאַפט. אירע פעיִקייטן האָט זי אַרויסגעוויזן אויך ווי אַ סוחרטע. מיט פלייס און פאַכמענערישע קענטעניש׳ן האָט זי געפירט איר קראָם פון קליין־קאָנפעקציע און גאַלאַנטעריע אויפן כעלעמער „רינעק״. אין די סעזאָן־צייטן פון זומער־סעזאָן און ווינ־טער־סעזאָן איז זי עפטער געפאָרן קיין וואַרשע איינקויפן סחורה פאַר איר געשעפט. איינס פון די הורטגעשעפטן, ווו זי האָט איינגע־קויפט, האָט זיך געפונען אויף נאַלעווקי־גאַס נומער 22 אין טויער, ביי הער בירנצווייג. דאָרט האָט מען זי שוין גוט געקענט. אַז זי איז געקומען צו פאָרן אין דער פרי, איז זי אַהין אַריין און אָנגעגעבן איר באַשטעלונג. מען האָט צוגעגרייט די נייטיקע אַרטיקלען מיט די געהעריקע קאָלירן, מאָסן און נאָך מיטאָגצייט איז זי געקומען זיך באַרעכענען און געבן דעקונג.

איין מאָל, ווען זי איז אַריינגעקומען נאָך מיטאָג אָפּנעמען דעם חשבון פאַר דער פאַרפּאַקטער סחורה, האָבן די אָנגעשטעלטע פון געשעפט איר געזאָגט, אַז איר חשבון האָט צוגענומען הער בירנצווייג אַליין. רחלע האָט געוווּסט, אַז איר קרעדיט איז גוט, האָט זי גע־שטוינט, פאַר וואָס הער בירנצווייג האָט פאַרהאַלטן איר חשבון. גייט זי צו צו אים מיט אַ טענה:

— הער בירנצווייג, וואָס איז געשען, וואָס איר האָט צוגענומען מיין חשבון?

— רחלע — ענטפערט ער — איר זענט דאָך אַוודאי נישט

קיין נאַרישע פרוי, ווייל איך, אַז איר זאָלט מיר באַשיידן בלויז איין רעטעניש, דאַן וועל איך באַפרייען אייער חשבון.

אין געשעפט זענען שוין אין יענער שעה קיין סוחרים נישט געווען, נאָר די פיר האַנדלס־אָנגעשטעלטע. הערן זיי זיך איין צו דעם פּלירט פון זייער באַלעבאָס מיט דער כעלעמער סוחרטע. רחלע האָט באַמערקט, אַז זיין האַנדלונג רופט אַרויס אַ שמייכל ביי זיינע אָנגעשטעלטע. פרעגט זי זיי מיט אַ שמייכל:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, אויב צו אַלע סוחרטעס האָט אייער באַלעבאָס אַזאַ חוצפה, אָדער נאָר צו אַ כעלעמער סוחרטע?

בירנצווייג האָט זיך אַ ביסל פאַרשעמט און האָט אָנגעהויבן זיך פאַרענטפערן און אויפקלערן דעם ענין.

— רחלע קלאָדניעוו! אַנטשולדיקט מיר זייער, איך פאַרלאַנג פון אייך איין זאַך בלויז — אַז איר זאָלט מיר פּותר זיין איין רעטעניש. פאַר וואָס זאָלט איר זיך איינשפּאַרן און נישט וועלן געבן קיין תשובה?

די אָנגעשטעלטע שמייכלען אַלץ. רחלע זעט, אַז בירנצווייג האָט זיך און איר אַריינגעפירט אין עפּעס אַ נאַרישן פאַרכישופטן קרייז, פרעגט זי אים שוין מיט אַ דרייסטן און ערנסטן טאָן:

— אָבער זאָגט הויך, אַז אַלע זאָלן הערן: וואָס ווילט איר פון מיר, איך זאָל אייך פּותר זיין? אַ כעלעמער יידענע קאָן דען פאַר־ענטפערן רעטענישן?

— אָט זעט איר, רחלע, וועגן דעם וויל איך אייך טאַקע פרעגן. אויב איר שעמט זיך נישט און זאָגט בקול רם, אַז איר זענט אַ כעלמערין, ווייל איך אייך אויך פרעגן בקול רם, אַז אַלע מיינע אָנ־געשטעלטע זאָלן הערן מיין פראַגע און אייער ענטפער. מיין פראַגע איז אַזוי: מיר קענען אייך שוין עטלעכע יאָר און איך וויל אייך זאָגן גאַנץ אָפנהאַרציק, אָן קאָמפּלימענטן, אַז איר זענט אַ קלוגע פרוי. איבריקנס, אַלע ווייסן דאָס פּונקט אַזוי ווי איך, ווייל איך, אַז איר זאָלט מיר פאַרענטפערן די קשיה: פאַר וואָס זאָגט די וועלט „כעלעמער נאַראָנים״?

אין געשעפט איז געוואָרן שטיל, די פּנימער פון די אָנגע־שטעלטע האָבן אויסגעדריקט אַ לייכטן שמייכל, געמישט מיט דער־וואַרטונג. אָבער רחלע האָט דווקא יאָ געוואָלט צוריק אָנוואַרעמען די שטימונג.

— וואָס ווילט איר פון מיר, פּאַניע בירנצווייג? — האָט זי געשפּאַסט — איר ווילט אַוודאי, אַז איך זאָל אייך זאָגן: „זענט איר קלוג!" אָבער ווי קאָן איך אייך דאָס זאָגן, ווען אַלע הערן, אַז איר פרעגט מיך אַ כעלעמער קשיה?

— רחלע! — ווענדט ער זיך צו איר שוין גאַנץ ערנסט — ענטפערט מיר צו דער זאַך אויף דעם, וואָס איך פרעג אייך, אָן חכמות, אָן די וואַרשעווער פּשטלעך.

— דער זייגער איז שפּעט — ענטפערט זי שוין אויך ערנסט — איך האָב נאָך צו דערליידיקן עטלעכע ענינים און אַהיימצופאָרן; איך וויל נישט פאַרשפּעטיקן דעם צוג. דעם אמת געזאָגט, וואָלט איר גאָר נישט באַדאַרפט פאַרהאַלטן מיין חשבון. ווען איר פרעגט מיך עפּעס, אויף וואָס איך קאָן געבן אַן ענטפער, בין איך נאָך נישט, חלילה, אַזאַ אוממענטש, אַז איך זאָל נישט וועלן ענטפערן.

דערהערט די ווערטער, נעמט בירנצווייג אַרויס איר חשבון און דערלאַנגט איר. דאַרויף מאַכט רחלע אויך אַ זשעסט און זי קלערט אויף דאָס רעטעניש. בירנצווייג און אַלע אין געשעפט בלייבן שטיל און קוקן איר אין מויל אַריין. זי הייבט אָן די מעשה מיט אַ ליטוואַק.

— אַ ליטוואַק — דערציילט זי — איז אַ מאָל געקומען צו ר׳ לוי־יצחק בערדיטשעווער און האָט אויסגערעדט אויף די כע־לעמער אסור לדבר, ער האָט אויסגערעכנט וואָס אין דער קאָרט אויף די כעלעמער ייִדן. מילא, די דלתים — האָט דער ליטוואַק געזאָגט צום ר׳ לוי־יצחק — זיי זענען דאָך סתם אביונים־קבצנים, אָבער אַפילו די כעלעמער עשירים זענען אויך קמצנים און דערצו נאָך בעלי־גאווהניקעס, די כעלעמער סוחרים זענען שווינדלערס, וווכערניקעס און הויטשינדערס. אַלע כעלעמער ייִדן זענען בעלי־עבירהניקעס...

ער האָט זיך גאָרנישט אָפּגעשטעלט און געוואָלט אויסרעכענען נאָך און נאָך חסרונות אויף די כעלעמער. ר׳ לוי־יצחק בערדיטשעווער האָט אָבער נישט געוואָלט מער הערן און האָט אים איבערגעהאַקט אין מיטן די רייד. ער האָט געשריגן אויפן ליטוואַק:

— לאָז צו רו, רעד נישט קיין שלעכטס אויף די כעלעמער ייִדן. אויב אַפילו ס׳איז פאַראַן אין כעלעם עטלעכע ייִדן, וואָס זענען נישט אין גאַנצן בשלמות, זענען זיי דאָך נעבעך, נאַראָנים!

פון דעמאָלט אָן האָט דער ליטוואַק אומעטום פאַרשפּרייט דעם שם אויף די כעלעמער, אַז זיי זענען נאַראָנים.

בירנצווייג און די אָנגעשטעלטע האָבן אויסגעהערט רחלס דערציילונג ביזן סוף. ביים געזעגענען זיך האָבן אַלע איר געדריקט די האַנט און דער הער בירנצווייג האָט צוגעגעבן:

— רחלע קלאָדניעוו! ווו נעמט מען אַ סך אַזעלכע כעלעמער „נאַראָנים״, ווי אונדזער רחלע?

# דער וואָגיקסטער אַרגומענט

אין אַ רעגנדיקן טאָג זיצן עטלעכע יונגע לייט ביי אַ טישל אין רעסטאָראַן אין כעלעם. זיי שפּילן אין דאַמקע, טרינקען ביר און וואַרפן געפּעפּערטע אַרבעסלעך אין מויל אַריין און דערביי דערציילט מען פאַרשידענע מעשׂיות און וויצן. רופט זיך אָן ראובן שימעלעס:

— חברה! איר ווייסט וואָס איך וועל אייך דערציילן? אַז די וועלט זאָגט "כעלעמער נאַראָנים", זעט מיר אויס, אַז די זאַך איז טאַקע ריכטיק. אַ סימן האָט איר אין אונדז אַליין, מיר האָבן זיך דאָ אַוועקגעזעצט קיבעצן און אַוועקגעבן דאָס געלט פאַר גאָרנישט, פאַרן ביטערן ביר און געפּעפּערטע אַרבעסלעך.

— נו, נו, דו געלער ראָמעניאַק — ענטפערט אים לוי יודלזאָן — מאַך זיך נאָר נישט פאַר אַזאַ גרויסן רייוויצער חכם, פאַררעד נישט די ציין און באַשטעל שוין צוויי פלעשלעך ביר, ס'איז איצט דיין ריי.

זיצט ווייטער די חבורתא ביי דעם ברוינעם געטראַנק מיט די געפּעפּערטע אַרבעסלעך און קיבעצן. רופט זיך אָן מאָטעס שאָשע־ביילטשעס מיט אַ גמרא־ניגון:

— פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיה: פאַר וואָס זאָגט מען פאָרט "כעלעמער נאַראָנים"?

הייבט זיך ערשט אָן די ריכטיקע חקירה ודרישה. יעדער איינער פּרוּווט צו דערגרונטעווען זיך צום שורש פון דער זאַך. זבולון בוידיקס איז זיכער, אַז ער, נאָר ער, איז דערגאַנגען דעם טיפן סוד פון דער זאַך:

— חברה, הערט מיך אויס! איך בין געבוירן און געניט אין

דער זאַך, איך בין אַ קצב און איך זאָג קדיש, גיי איך צוויי מאָל אין טאָג אין שול אַריין זאָגן קדיש — אין דער פרי צום מנין און אין אָוונט צו מנחה־מעריב און יעדעס מאָל, וואָס איך גיי פון דער יאַטקע־גאַס אַראָפּ און פאַל אַריין אין שול, זע איך בולט, ווי נאַריש די כעלעמער זענען: אַז די יאַטקעס האָט מען געמאַכט העכער פאַר דער שול! אַדרבא, ווייזט מיר נאָך איין שטאָט אויף דער וועלט, אַז די יאַטקעס זאָלן זיין אויף אַ באַרג, העכער פון דער שול. איז דען אַ ווונדער, וואָס מען זאָגט — „כעלעמער נאַראָנים"?

אַ מינוט זיצן אַלע שטיל, יעדער טראַכט זיך אַריין אין זבולון בוידיקס ווערטער. אָבער אָשר גאָדלס רייסט איבער די שטילקייט און ווייזט אַרויס נאָך מער בקיאות אין דער פראַגע.

— מען דאַרף פאַרשטיין די זאַך פון שורש אויס, און נישט אויסמישן די יאַטקעס מיט דער שול — הייבט אָן אָשר גאָדלס אויפקלערן זיין סברה — אַז מען גייט אין שול אַריין, קריכט מען נישט אַרויף אויפן באַרג פון דער יאַטקע־גאַס.

אָבער איידער אָשר גאָדלס פאַרענדיקט, שטעלט זיך אויף דער הויך־קרעפּטיקער בנימין־יאָסל, און אַז חברה זעט, אַז ער שטעלט זיך אויף עפּעס זאָגן, וואַגט קיינער נישט צו שטערן. אָשר גאָדלס איז אַפילו בלאָס געוואָרן ביי זיינע לעצטע ווערטער, ווען ער האָט געזען בנימין־יאָסלען זיך אויפשטעלן. בנימין־יאָסל האָט אין זיך עפּעס אַזאַ מין סגולה, וואָס מען רעכנט זיך מיט אים מער ווי מיט אַנדערע. אַלע ווייסן, אַז ער רעדט נישט סתם אין דער וועלט אַריין.

— אייערע אַלע כעלעמער דרשות זענען נישט ווערט קיין צעבראָכענעם דרייער, אַלע רעדט איר אַ סך און איר זאָגט גאָר־נישט. אייערע אַלע מעשׂיות קלעפּן זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. צי וואָס זאָלט איר אַזוי ווייט פאַרקריכן, איבער די כעלעמער בערג און טאָלן, זיך גריבלען און ברעכן די קעפּ, אַז איר האָט כעלעם אין דער האַנט!

אַלע קוקן אים אָן און טראַכטן זיך אַריין אין דעם וואָרט: „כעלעם אין דער האַנט". אָבער קיינער פאַרשטייט נישט, וואָס ער

מיינט דערמיט צו זאָגן. קיינער איז אָבער אויך נישט דרייסט אים איבערצופרעגן. בנימין־יאָסל דערקענט אין זייערע פּנימער, אַז זיי פאַרשטייען אים נישט, קלערט ער זיי אויף זיין געדאַנק:

— דאָס איז דאָך אַ שקר־בלבול, אַז די כעלעמער מענטשן זענען אַנדערע פון אַלע מענטשן. די כעלעמער זענען באמת גלייך ווי אַלע אַנדערע פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך, נישט קליגער און אויך נישט נאַרישער. כעלעם איז נאָר נאַריש, איר פאַרשטייט? כעלעם!

ווידער קוקן אַלע אים אָן און קיינער וואַגט נישט איבעררייסן אים אין מיטן די רייד און פרעגן אַ וואָרט. ער חזרט איבער און קלערט אויף נאָך דייטלעכער זיין געדאַנק:

— איך זע, אַז איך מוז אייך שטעקן אַ פינגער אין מויל אַריין. אַליין פאַרשטייט איר נישט? אין כעלעם איז נאַריש דאָס בלויזע וואָרט „כעלעם", איר פאַרשטייט? למשל, צוויי מענטשן שלאָגן זיך, איינער ציילט אַריין כסדר קלעפּ דעם צווייטן, ער רעדט גאָרנישט, נאָר האַלט אין איין שלאָגן. דאַקעגן דער צווייטער, דער וואָס באַקומט די קלעפּ, דער האַלט אין איין דראָען, אין איין שרייען: „כ'על אים, כ'על אים"! — „כעלעם אָנלערנען! כעלעם ווייזן! כעלעם דערהרגענען"! צו וואָס דאַרף ער דען אויסלאָזן דאָס נאָר אויף „כעלעם"? יענער שלאָגט דיך, גיב אים גלייך צוריק די קלעפּ, צייל אים אַריין כפל כפליים, לייג נישט אָפּ אויף שפּעטער, אויף „כעלעם". פאַרשטייט איר שוין איצט פאַר וואָס כעלעם איז נאַריש? שולדיק איז בלויז דער נאָמען — כעלעם.

ביים אַוועקגיין פרעגט ראובן שימעלעס דעם באַלעבאָס פונעם רעסטאָראַן:

— פאַר וואָס שווייגט איר, ר' אפרים מנשהלע? וואָס זאָגט איר? ווער איז גערעכט?

— אַלע זענען מיר כעלעמער חכמים — ענטפערט אפרים מנשהלע — נאָר יעדער איינער וויל אַרויפוואַרפן דעם נאָר אויף אַ צווייטן און ער אַליין זאָל בלייבן דער ריכטיקער חכם.

— אָבער פון די אַלע זייערע רייד, וועמענס אַרגומענטן זענען וואָגיקער?

אפרים מנשהלע מאַכט אויף דאָס טישקעסטל מיטן געלט און ווייזט אָן מיטן פינגער:

— אָט אָ דאָס איז דער וואָגיקסטער אַרגומענט; ווער ס'האָט מער, דער איז דער חכם, מעג ער זיין אַפילו — אַ כעלעמער.

# אַ כעלעמער בעל־קורא

אַ כעלעמער בעל־קורא איז נתגלה געוואָרן אין שולעכל פון דער פּאָלעכאַנקע. אָבער איידער מיר באַקענען זיך מיט דעם כעלעמער בעל־קורא, און ווי אַזוי ער איז דאָרט נתגלה געוואָרן, לאָמיר זיך פריִער דורכשמועסן וועגן דער פּאָלעכאַנקע בכלל. וועלכער כעלעמער האָט דען נישט געוווסט פון דער געגנט, וואָס האָט זיך גערופן פּאָלעכאַנקע? דאָס איז דאָך געווען ממש אַן אייגן גליד, אַ טייל פונעם יִידישן כעלעם. גלייך ביים אָנקומען מיטן לובלינער שאָסיי זענען זיי שוין געווען אויסגעשטעלט פון ביידע זייטן וועג, די יִידישע קראָמען. זיי וואַרטן אָפּ אויף יעדערן, וואָס קומט מיט פערד־און־וועגעלע קיין כעלעם עפּעס קויפן אָדער פאַרקויפן. אויך מיט בעלי־מלאכות פון פאַרשידענע פאַכן זענען באַווינט אַלע געסלעך פון דער פּאָלעכאַנקע. אַ גאַנצע וואָך האָבן זיך די יִידן דאָרט מתעסק געווען מיט זייערע אייגענע דאַגות פרנסה, יעדער איינער אַרום זיין „לחם צר ומים לחץ". זעלטן ווער פון די פּאָלע־כאַנקער יִידן האָט געהאַט פרנסה, מער וויניקער, בריווח. אָבער שבת, ווען אַלע וואַרפן אַראָפּ פון זיך די וואָכעדיקע דאַגות, האָבן אויך די פּאָלעכאַנקער יִידן זיך באַפרייט פון זייער עול פרנסה און זענען געקומען דאַווענען בציבור אין זייער אייגענעם שולעכל אַריין.

האָט איין מאָל געטראָפן אין פּאָלעכאַנקער שולעכל אַזאַ מעשה: אין אַ שבת נאָך שחרית קוקט מען זיך אַרום, אַז דער שטענדיקער בעל־קורא איז נישט געקומען און ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל לייענען אין ספר־תורה. מען וואַרט אַ ביסל, אפשר וועט ער נאָך אָנקומען, אָבער אַ נעכטיקער טאָג. עטלעכע מתפללים גייען אַרויס צום שאָסיי קוקן אין דער זייט פון וואַנען ער דאַרף אָנקומען, אָבער זיי קומען

צוריק מיט גאָרנישט. ווערט שוין דער עולם אומרויִק: נישט אַהין און נישט אַהער, אָפּגעדאַוונט שחרית און דער עולם קאָן נישט פאַרענדיקן דאָס דאַווענען. פרעגט יעקב־יוסף, דער גבאי פון פּאָ־לעכאָנקער שולעכל: אפשר נעמט זיך עמעצער פון אייך אונטער צו לייענען אין ספר? בלייבט דער עולם זיצן שטיל און קיינער רופט זיך נישט אָן. פרעגט ער איבער נאָך אַ מאָל, און ווידער — אין קול ואין עונה. זיצן ייִדן — סוחרים, קרעמער, בעלי־מלאכות. אַלע זענען זיי ברוך השם ווילע ייִדן, גוטע און פרומע, אויך הדרת־פּנימדיקע מיט גראָע בערד און פּיאות, זענען פאַראַן צווישן זיי, אָבער צו לייענען אין ספר קומט דאָס נישט. אַזוי זיצט פּאָלעכאָנקער קהל מיט די טליתים, קוקן איינער צום צווייטן און זוכן אַן אויסוועג. נאָך שווערער איז געווען דער מצב פאַר די מחותּנים, דעם חתן און די געסט; פּונקט יענעם שבת האָט בער־וואָלף געברענגט זיין זון „אויפצורופן" אים פאַר דער חתונה. זענען זיך צוזאַמענגעקומען פון ביידע צדדים די מחותּנים און געסט. אויך די מחותּנתטעס האָבן געוואַרט, שוין גרייט געווען צו דער צערעמאָניע פון „באַשיטן" דעם חתן, אָבער פּונקט איצט האָט געדאַרפט טרעפן אַן אומגעריכ־טער מכשול מיט אַ בעל־קורא.

צווישן די מתפללים געפינט זיך אויך דער בעל־שחרית. אָפּ־געטאָן זיינס אַלס שליח־ציבור פון שחרית־דאַווענען, זיצט ער ביים טיש, מיט זיין ייִנגעלע יאָסעלע, און צוגלייך מיט אַלע מתפללים וואַרט ער, שטוינט און שווייגט. ער רוקט צו זיין יאָסעלען נאָך נענטער צו זיך, האַלט זיין וואַרעם הענטל און דערפילט דערביי ווי זיין האַרץ קלאַפּט עפּעס שטאַרקער. פאַר וואָס? וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט זיין יאָסעלען? דער פאָטער האָט אָבער געפילט דעם כוח, וואָס שטעקט גראָד אין יאָסעלען.



זינט יאָסעלע האָט, צו דריי יאָר, אָנגעהויבן גיין אין חדר, האָט מען געליטן פון אים צרות צרורות. ער האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט לערנען; אַזוי איז געווען ביים דרדקי־מלמד, דעם קרומען סענדער, אַזוי ביים מלמד יששכר, ביי גדליהו קריטעניצער, און ביי אַלע ווייטערדיקע. יעדעס מאָל וואָס מען האָט אים געזאָגט: יאָסעלע לייג צו דעם קאָפּ! האָט ער געהערט ווי המן דעם גרעגער. אַז אַ מלמד פלעגט זיך בעטן ביי אים: יאָסעלע, קוק אַריין! האָט ער דווקא געקוקט אַרויס. די מלמדים האָבן זיך תמיד אויפגערעגט ביי אים. מיט אַנדערע קינדער האָבן זיי זיך געקאָנט אַן עצה געבן: אַ מאָל אַ הויכן געשריי, אָדער אויפגעהויבן די האַנט איבערצו־שרעקן, און אַ מאָל אַפילו געגעבן אַ פּעטשל. ס׳האָט געקאָנט טרעפן ביי אַ מלמד ווען ער איז אַריין אין רוגזה, אַז ער זאָל אַ קינד אַראָפּ־לאָזן די הייזלעך און אָנשמייסן פאַר אַלע קינדער אין די אויגן, אָדער גאָר מאַכן „אַ פּעקל". אָבער ביי יאָסעלען האָבן זיי די אַלע זאַכן נישט געקענט מאַכן, ווייל יאָסעלעס מוטער האָט ביי יעדער נייעם זמן אויסגענומען מיטן מלמד אַ זייער שטרענגן באַדינג: שלאָגן — נישט, בשום אופן נישט שלאָגן! נאָר מיט גוטן. זענען יאָסעלעס מלמדים געווען אויפגערעגט און האָבן גאָרנישט געקאָנט אויספירן מיט אים. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן דאָס רעדן און בעטן זיך: קוק אַריין, יאָסעלע! לייג צו דעם קאָפּ! אַרויסגעוואָרפענע רייד. האָבן די מלמדים געפּרוווט פאַרקלאָגן זיך פאַר זיינע עלטערן, האָט דאָס אויך נישט געהאַט קיין פּעולה. אַז די מוטער פלעגט אים בעטן: יאָסעלע, פאָלג דעם רבין, פאַר וואָס פאָלגסטו נישט? האָט ער געענטפערט, אַז ער איז גאָר נישט שולדיק, דער רבי איז שולדיק.

— דער רבי איז גאָר שולדיק? — פרעגט אים די מוטער — פאַר וואָס? ער בייזערט זיך, ער שרייט, ער שלאָגט דיך? דערציילט דער מאַמען.

— ניין, נישט דאָס — טענהט יאָסעלע — נאָר ער לערנט נישט גוט.

— ער לערנט נישט גוט? — שטוינט די מוטער — ער איז דאָך אַ רבי, לערנט ער דאָך זיכער גוט!

— אַ רבי דאַרף טויזנט מאָל זאָגן: קוק אַריין און קוק אַריין? יעדער שורה מוז מען טויזנט מאָל אַריינקוקן?

גדליהו קריטניצער איז אַ מאָל, אין אַ שבת־פאַרנאַכט, געקומען פאַרהערן יאָסעלען פאַר זיין פאָטער, איז דער מלמד געבליבן אַ ביסל פאַרשעמט, ווייל נאָך איידער ער האָט איבערגעמישט די בלעטלעך אין חומש, האָט יאָסעלע שוין געלערנט, ער האָט שוין געדענקט פון אויסנווייניק די גאַנצע פרשה. נאָך דעם געלונגענעם פאַרהערן האָט זיך גדליהו קריטניצער דאָך זיך פאַרקלאָגט פאַר די עלטערן: באַשר בכן, ער מאַכט קאַליע אַנדערע קינדער. אַז זיי זעען ווי ער קוקט נישט אַריין, טוען זיי אויך דאָס זעלבע. יאָסעלעס פאָטער זאָגט דעם מלמד אין אויער: זיי האָבן דאָך נישט יאָסעלעס קעפּעלע, קיין עין הרע! מוזן זיי זיך גוט איינחזרן... די מוטער שטייט הינטער יאָסעלעס פּלייצעס און קוועלט אָן. זי וויצלט זיך דערביי:

— אַזעלכע צרות ליידט מען פון אַ קינד, וואָס וויל נישט צולייגן דעם קאָפּ.

ווען יאָסעלע איז שוין געווען אַ יינגל פון צען יאָר האָט גע־טראָפן אַזאַ פאַל: די פרוי פון נחום ראָזענקראַנץ האָט געהאַלטן ביי פאָרן צו איר מאַן קיין אַמעריקע, האָט זי אויספאַרקויפט אַלע אירע שטובזאַכן בחצי חינם, געבליבן איז איר בלויז אַ קליין ספרל, וואָס קיין קונה האָט זי נישט געהאַט דערויף. דאָס דאָזיקע זייער אַלטע ספרל האָט יאָסעלעס פאָטער אָפּגעקויפט ביי איר פאַר גאָר קליין געלט. דאָס ספרל איז געווען אַ תיקונדל. פון דעם אַלטן תיקונדל, וואָס איז געווען פילפאַכיק עלטער פון אים, האָט יאָסעלע זיך אויס־געלערנט לייענען אין דער תורה.



דער גבאי פון פּאָלעכאָנקער שולעכל האָט געזוכט אַן אויסוועג, האָט ער זיך געווענדט צום בעל־שחרית:

— מעכעלע! ס׳איז נישטאָ קיין אַנדער עצה, דו מוזסט היינט זיין אויך דער בעל־קורא.

— פאַרן „ברעטל״ איז עפּעס אַנדערש — ענטפערט דער בעל־שחרית — און פאַר דער ספר־תורה איז אויך עפּעס אַנדערש. אַ בעל־תפילה מוז נישט קענען לייענען אין ספר.

— אָבער ס׳איז דאָך פּאָרט נישטאָ קיין אַנדער בעל־קורא — בעט זיך ביי אים יעקב־יוסף.

— ווער זאָגט דאָס, אַז ס׳איז נישטאָ קיין בעל־קורא — טענהט מעכעלע — איך ווייס, אַז ס׳געפינט זיך מיט אונדז דאָ זייער אַ גוטער בעל־קורא.

דערהערנדיק די לעצטע ווערטער איז דעם גבאי אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ און ער האָט זיך אַרומגעקוקט צו די מתפללים. ער האָט זיך געוווּנדערט און אויך פאַרשעמט, פאַר וואָס ער ווייסט נישט ווער ס׳איז דאָ אַ גוטער בעל־קורא.

— וועמען מיינסטו דאָס, דעם גוטן בעל־קורא? — פרעגט ער איבער.

— מיין יאָסעלען!

יעקב־יוסף האָט אַ קוק געגעבן אויף יאָסעלען — אַ יינגעלע, וואָס איז נאָך אַפילו נישט קיין בר־מצווה.

— לאַכסט, מעכעלע? ס׳איז איצט נישט קיין צייט פאַר וויצן.

— ער איז אָבער פּאָרט אַ גוטער בעל־קורא, יאָסעלע — ענטפערט מעכעלע.

די אַנטפּלעקונג, אַז אין שולעכל געפינט זיך אַ „גוטער בעל־קורא״ און אַז דאָס איז דער קליינער יאָסעלע, האָט אַרויסגערופן אַ וויכוח צווישן די מתפללים, און באַלד איז געקומען צו אַ שפּאַל־

טונג: „יאָ־זאָגערס" און „ניין־זאָגערס". פאַרשטייט זיך, אַז די „ניין־זאָגערס" זענען געווען אין דער גרויסער מערהייט. אַ קינד אַ שליח ציבור? אַ חרפּה און אַ שאַנדע, דאָס טאָר נישט געשען!

בער־וואָלף, דער מחותן, איז געווען איינער פון די ראשי־המדברים פון די „ניין־זאָגערס", דאַקעגן זיין ווייב, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר גרייט צו „באַשיטן" דעם חתן אירן, איז געווען זייער בייז אויף אים. דאָס פּנים האָט איר געפלאַמט פאַר אויפרעגונג און זי האָט געבעטן דעם זון:

— שמחהלע, שיק מיר שנעל צו דעם טאַטן.

אין דער סאַמע הייסער דיסקוסיע פון בער־וואָלף מיט די קעגנער, האָט אים שמחהלע אַריינגעזאָגט אַ סוד אין אויער:

— טאַטע, די מאַמע רופט דיך.

אַז בער־וואָלף איז צוגעקומען צו זיין רבקה־לאהן, איז ער באַלד געבליבן שטיין אַזוי ווי אַן אָפּגעשמיסענער.

— וואָס צערייסטו זיך אַזוי דעם יאַשטשיק? — האָט זי אים געפרעגט.

נאָך מער ווי די געציילטע ווערטער האָבן אירע אויגן און פאַר־פלאַמט פּנים געווירקט אויף בער־וואָלפן. ער איז צוריק צוגעקומען צום טיש, זיך אַנידערגעזעצט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, די אויגן און געשוויגן. אויך אַנדערע „הייסע" „ניין־זאָגערס" האָבן זיך אָפּ־געקילט און אַראָפּגעלאָזט פון דעם טאָן.

דער גבאי האָט נאָך אַ מאָל געפרעגט, אויסגערופן הויך אויפן קול:

— ווער פון די מתפללים וויל זיך מתנדב זיין צו לייענען אין ספר, ווערט געבעטן צוקומען צום שולחן!

אָבער קיינער נעמט זיך נישט די דרייסטקייט צו רירן זיך פון אָרט און צוגיין לייענען אין ספר. מיט איינגעהאַלטענער געשפּאַנט־קייט פרעגט יעקב־יוסף נאָך אַ מאָל דעם בעל־התפילה:

— מעכעלע, דײַן יאָסעלע קאָן באמת לייענען אין ספר?

— וויפל מאָל נאָך וועסטו מיך פרעגן? איך זאָג דאָך דיר אַז

יאָ. וואָס, דו האַלטסט מיך פאַר אַ שאַרלאַטאַן? אַז איך זאָג, ווייס איך וואָס איך רעד.

יעקב־יוסף האָט יאָסעלען אָנגעטאָן דעם טלית פון בעל־קורא. דער טלית איז געווען דריי מאָל גרעסער ווי יאָסעלע אַליין. די ציצות זענען אַריבערגעגאַנגען פוןביידע זייטן, אויך נאָך דעם, ווי מען האָט זיי דאָפּלט פאַרלייגט אויף זייערע אַקסלען. דער עולם איז געזעסן געשפּאַנט, אָבער געשוויגן. בלויז איינער, אַן אַלטיטש־קער, האָט געהויבן די אַקסלען, געשאָקלט מיטן קאָפּ און צוגעזיפצט:

— נע! זינט איך לעב האָב איך אַזעלכעס נישט געזען.

קיינער האָט זיך אָבער נישט אָנגערופן צו אים און אין דער שטילקייט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לייענען פון דעם קליינעם יאָסעלען. מען האָט אויפגערופן איינעם נאָכן צווייטן, געטיילט כיבודים די מחותנים, דעם חתן און די געסט. נאָך יעדערנס ברכה האָבן יאָסעלעס אויגן, וועלכע האָבן שוין געגרייכט עטוואָס העכער פון שולחן, געצילט צום אמן.

„וידבר אדני אל משה לאמר דבר על בני ישראל ואמרת אליהם...״

דאָס לייענען איז אַוועק ביי אים ווי אַ מזמור. די מתפללים האָבן אַריינגעקוקט אין די חומשים און געשטוינט פון דעם פּינקטלעכן לייענען, אַקוראַט מיטן טראָפּ.

נאָך דעם לייענען האָט דער אַלטיטשקער זיך אויפגעהויבן פון טיש, וווּ ער איז געזעסן, איז צוגעגאַנגען צו יאָסעלען און האָט אים געגעבן אַ קניפּ אין בעקל, דערביי האָט ער בקול רם אויסגעשריגן:

— יאָסעלע, דו ביסט אַ גוטער בעל־קורא!

# שבע־ברכות אין לאָדזש

אין אַ פּראָסטן מיטוואָכדיקן טאָג איז ביי מאיר בוימגאַרטן געוואָרן יומטובדיק. דער שפּייזקרעמער פון דער גרינער גאַס אין לאָדזש האָט זיך אויסגעפּוצט, אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, דאָס סאַמעטענע קאַשקעטל און זיך פאַרגעבריייט צו עפּעס אַ וויכטיקן ענין. אויך זיין ווייב שיינדל איז פאַרפּאָרעט פון באַלד אין דער פרי אָן. זי רוימט צו און טוט זיך איבער די שבת־יומטובדיקע מלבושים.

— וואָס איז היינט ביי אייך ? — וווּנדערן זיך די קונים אין זייער שפּייזקראָם.

— מיר האָבן געסט פון כעלעם — ענטפערט שיינדל — מיין שוועסטערס חתן מיטן מחותן זענען היינט ביי אונדז.

דעם זעלבן אָוונט, ווען מאיר בוימגאַרטנס שפּייזקראָם איז שוין געווען געשלאָסן, זענען אין זיין שטוב, ביי זיין טיש, געזעסן לויטער כעלעמער : דער כעלעמער מחותן מיטן חתן און די כלה מיט אַלע פון איר משפחה, וועלכע ווינען סך הכל געציילטע יאָרן אין לאָדזש, אָבער זיי זענען אויך פון דור דורות כעלעמער. הכלל, ס'איז גע־וואָרן אַ קליינע כעלעמער אַסיפה אין לאָדזש. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ שיין שאַכטעלע מיט ביזשוטעריע, מיט וועלכע מען האָט זיך געפּאָרעט — אַרויסגענומען, באַקוקט און צוריק אַריינ־געלייגט. לויט דעם טייערן אָביעקט, זעען מיר, אַז די כעלעמער משפחה־אַסיפה אין לאָדזש איז כלל נישט געווען קיין בטלנישע חקירה ודרישה, נאָר אַ באַראַטונג פון תכלית. צוליב דעם האָט מען אַרויסגענומען פון שאַכטל די צוויי שנירן פּערל, אויפגעהויבן אין האַנט, געוויזן די לענג און אַרומגעקוקט פון אַלע זייטן, געזאָגט

מבינות און געלויבט די ווערט פון די שטיינדלעך ביזן זיבעטן הימל אַריין.

— אָ וואַ! אַזעלכע שיינע פערל! — פּאַסמאַקעוועט זיך שיינדל ווען זי הייבט אויף די צוויי שנירן.

— אָ וואַ! שיינע פערל, שיינע פערל — רופט זיך אָן מאיר בוימגאַרטן מיט אַ זיכערער פאַכמענערישקייט, אַז די כעלעמער געסט זאָלן זיך צוהערן — שיינע פערל זענען מער ווערט, ווי נישט־געשליפענע בריליאַנטן! — אַזוי באַווייזט מען דאָס גרויסע עשירות פון דער כּלה, דעם טייערן נדן וואָס ווערט געסילוקט צו דער חתונה. מען רעדט אויך וועגן דינגען אַ דירה און מאַכן אַ געשעפט פאַר דעם יונגן פּאָרפּאָלק. די באַלעבאָסטע דערלאַנגט כיבוד צום טיש און דערווייל אַנטוויקלט זיך אַ שמועס וועגן לאָדזש. זאָגט בעריש בוימגאַרטן:

— לאָדזש רופט מען דאָס פּוילישע מאַנטשעסטער, ווייל דאָ איז קאָנצענטרירט די מאַנופאַקטור־אינדוסטרי אויפן גרויסן פאַר־מאָט; אין דער היגזיכט איז כעלעם אַ גאָרנישט שבגאָרנישט אַקעגן לאָדזש. וויפל נגידים זענען דען דאָ אין כעלעם? איינער אַ בידערמאַן, אַ יאַנקל שטול, אַהרן שטול, אַ פּאַלעווסקי און נאָך עטלעכע קליינ־קייטן. דאָס אַלץ גרייכט נישט אַפילו צום ווערט פון אַ קנעפל אַקעגן די לאָדזשער ריזן־גבירים, אַקעגן אָשר קאָהן, פּאָזנאַנסקי, זילבער־שטיינס און נאָך אַ סך אַנדערע.

— דאָס יידישע לאָדזש — הייבט אָן די כּלה צו רעדן און זי וויל אַריינכאַפּן צוויי האָזן מיט איין מאָל: זי וויל אַרויסווייזן איר אינטעליגענטישע שפּראַך און גלייכצייטיק לויבן איר איצטיקע ווינשטאָט לאָדזש — דאָס יידישע לאָדזש... אין ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן... דאָ שפּרודלט מיט איניציאַטיוו פון גרויסע מעגלעכקייטן אויף אַלע געביטן... לאָדזש איז, לויט מיין מיינונג, די קרוין, די פּאַטענץ פון פּוילישן יידנטום...

— יאָ, מיר האָבן היינט שפּאַצירט אויף דער ניישטאָט — באַשטעטיקט דער כעלעמער מחותן — לאָדזש איז אַן עיר וואָס

בישׂראל, אַ גרויסער ייִדישער ישוב, פון די גאַר גרויסע שטעט.

— דאָ ווו מיר האָבן שפּאַצירט — קלערט אויף מאיר בוימ־גאַרטן דעם מחותּן — דאָ איז דער ייִדישער געדיכטער צענטער פון דער ייִדישער אָרעמקייט און מיטלקלאַסן, אָבער דאָרט ווו מיר ווילן דינגען די דירה פאַר אונדזער חתן־כּלה, איז דאָס רייכע ייִדישע לאָדזש...

מאיר בוימגאַרטן קוקט צו די כּעלעמער געסט. ער מישט די געצוקערטע טיי און קלינגט מיטן זילבערנעם לעפעלע אין גלאָז; דערמיט וויל ער צוגעבן נאָך מער גלאַנץ די געשילדערטע רייכקייט פון לאָדזש.

— אויף פּיעטריקאָווער גאַס — זאָגט ער מיט פּאַטאָס — זעט מען די גרויסע הורטגעשעפטן פון פאַרשידנערליי מאַנופאַקטורן. ביי די גרויסע פאַבריקאַנטן און הורט־סוחרים איז דער אומזאַץ אין גאַר גרויסע סומעס; מען שיקט אַוועק די סחורה אין פאַרשידענע שטעט און מען עקספּאָרטירט זי אויך קיין אויסלאַנד. גאַנצע וואַ־גאָנען! דאָ איז דאָס רייכסטע און אַריסטאָקראַטישע ייִדישע לאָדזש!

מ׳טרינקט די געצוקערטע טיי, מ׳עסט דעם געשמאַקן „קומיץ־ברויט" און מען קוקט מאיר בוימגאַרטן אין מויל אַריין: ווי סוחריש ער שילדערט דאָס רייכע ייִדישע לאָדזש! פון זיין מויל גלאַנצט ממש אַרויס די רייכקייט פון די ייִדישע גבירים. די כּלה איז גליקלעך פון דעם, ווי שיין איר עלטסטער ברודער רעדט. מאיר בוימגאַרטן נוצט אויס די אויפמערקזאַמקייט צו זיינע רייד און ער זעצט פאָר:

— אַקעגן וואָס זאָג איך דאָס? — גייט ער שוין איבער צו דער פּראַקטיש קאָנקרעטער פראַגע — איך זאָג דאָס אַקעגן דעם, אַז דאָ אין לאָדזש, אַז מען האָט נאָר אַ ביסל געלט צו מאַכן זיך עפּעס וואָס אַ שטיקל געשעפטל, איז שוין דאָ ברוך השם גרויס האָפענונג אויף פּרנסה. אמת, מען דאַרף אויך זיין אַ סוחר, אָבער דערמיט בין איך שוין אויסגעזאָרגט. מיין שוועסטער ריזשעלע איז אַ פּייערדיקע פּראַקטישע סוחרטע.

אַלע קוקן איצט צו דער כּלה, וועלכע האָט זיך פאַררויטלט

צוליב דעם דראַסטישן קאָמפּלימענט פון איר ברודער. דערווייל גייט מאיר בוימגאַרטן איבער צו רעדן וועגן דער פּראַקטישער רעאַליזירונג פון דעם תּכלית. — ס׳איז כּדאי, עס לוינט זיך אַפילו צו פאַרקויפן די צוויי שנירן פּערל פון נדן און אויך, ווען ס׳איז נויטיק, צוצובאָרגן זיך אַ ביסל געלט, אַבי צו דינגען אַ געוועלב און אָנהייבן האַנדלען.

— אָבער לאָמיר רעדן צו דער זאַך! — שלאָגט שיינדל איבער איר מאַנס רייד — די דירה, וואָס מיר האָבן געזען ביי די לעמאַנס, געפעלט מיר זייער אַלס אַ דירה, אָבער נישט פאַר אַ געשעפט.

— וועלכע דירה מיינט איר? — פרעגט דער כעלעמער מחותּן. בעריש רוקט זיך צו נענטער צום מחותּן און דערקלערט אים געגוי ווו ס׳איז דאָס הויז פון די לעמאַנס:

— שיינדל מיינט די דירה אויפן צווייטן שטאָק, אין דעם לאַנגן הויף אויף פּיעטריקאָווער גאַס נומער 79, וואָס ציט זיך ביז דער אַלטע קאָשטשושקע 22.

— וואָס פאַר אַ לעמאַן? — פרעגט ווידער דער מחותּן — דער באַלעבאָס פון יענער דירה איז דאָך גאָר ראַדאָשיצקי.

— ראַדאָשיצקי איז דעם אַלטן לעמאַנס אַן איידעם — ענטפערט בעריש — ער איז איינער פון די יורשים, ס׳איז אויך דאָ עטלעכע זין יורשים; איך אַליין קען אברהם לעמאַן, יאַנקל לעמאַן, אַלע יורשים וווינען אין יענעם הויז און אַלע האָבן זיי אויך פאַרדונגענע דירות און נעמען דירה־געלט.

— צו וואָס רעדן פּוסטע רייד? — זאָגט צו אים מאיר — שיינדל איז גערעכט, יענע דירה ביי די לעמאַנס איז נישט פאַר אונדז, מער פּראַקטיש איז די שטוב מיטן געוועלב צוזאַמען אין הויז פון ישעיהו אברהם טרונק, אויף פּיעטריקאָווער גאַס נומער 88.

— מיר געפעלט אויך די דירה אויף פּיעטריקאָווער 88 — באַשטעטיקט שיינדל — ס׳איז אַ רייך הויז, צוויי הייף מיט איינ־ווינער און קיין שפּייזגעוועלב איז דאָרט נישטאָ. אַז מען וועט דאָרט דינגען די דירה, איז דאָס, מיט גאָטס הילף, אַ זיכערע פּרנסה.

נאָך דער חתונה איז דער כעלעמער מחותן אַהיימגעפאָרן. דאָס יונגע פּאָרפאָלק האָט זיך אַריינגעצויגן אין דער געדונגענער דירה — אַ גרויס צימער מיט אַ געוועלב אין הויף אויף פּיעטריקאָווער גאַס נומער 88.

דער כלהס משפּחה האָט באַשלאָסן צו פּראַווען די שבתדיקע שבע־ברכות ביים יונגן פּאָרפאָלק אין זייער נייער דירה. שבת באַלד אין דער פרי האָט מאיר בוימגאַרטן אַנגעקלאַפּט ביי זיין שוועסטער ריזשע. ריזשע האָט תיכף אויפגעמאַכט. גלייך נאָך מאירס אַריינקומען, זענען זיך אויך צוזאַמענגעקומען אַלע פון דער משפּחה: בעריש, שיינדל מיט איר פרומען פאָטער, איר ברודער און שוואָגער. מען האָט זיך געגרייט צו גיין דאַוונען. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן נישט צו גיין ווייט. אַזוי ווי אין זעלבן הויז, אין צווייטן הויף, איז פאַראַן אַ געדער שטיבל, וועט מען אַריינגיין דאָרט דאַוונען.

— יאָסעלע, קום נאָר אַהער! — האָט מאיר בוימגאַרטן צוגערופן זיין נייעם שוואָגער צום פענצטער — זעסט, מען גייט שוין דאַוונען — האָט ער אים אָנגעוויזן אויף איינעם, וואָס איז אָנגעקומען פון גאַס.

— דאָס איז יאַנקל לעמאַן פון דער פּיעטריקאָווער גאַס נומער 79 — דערקלערט מאיר בוימגאַרטן זיין יונגן שוואָגער — ווען יאָסעלע האָט געמאַכט אַ טראָט אַוועקצוגיין פון פענצטער, האָט אים מאיר בוימגאַרטן אָנגענומען ביי דער האַנט און צוריק פאַרהאַלטן ביים פענצטער: — וואַרט אַ מינוט, יאָסעלע! זעסט, ווער ס'קומט אָן פון טויער? דער איז דיין באַלעבאָס פון הויז, ישעיהו אברהם טרונק.

דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט יאָסעלע געזען אַזאַ סאָרט ייד. ער גייט זיך אַזוי בנעימות, לאַנגזאַם, טראָט ביי טראָט; אַ הויכער, מיט אַ לאַנג־גלייכער זילבערנדיקער באָרד, מיט אַ זיידענער קאַפּאָטע און מיט אַ ברייטן גאַרטל. זיין לאַנגע רעכטע האַנט נעמט אַרום דעם גרויסן סאַמעטענעם טלית־זאַק, וואָס גלאַנצט מיט די

אויסגעניייטע גאָלדענע פעדעם און זילבער־פורפורנע פּראַנדזן; ער שפּאַנט אַן אויסגערוטער, מיט אַ רויִקער זאָרגלאָזיקייט און עס לייכט זיין הויכער שטערן אונטער דעם שבתדיקן סאַמעט־קאַשקעט. די לאַנגזאַמע טריט זענען עדות פון זיין סטאַבילער, פונדאַמענטאַלער גלייכמעסיקייט אין אַלע זעקס טעג פון דער וואָך.

מאיר בוימגאַרטן מיטן חתן און אַלע מענער, די געסט צו די שבע־ברכות, זענען אַריינגעגאַנגען אין צווייטן הויף אַריין, אין גערער שטיבל, דאַוונען. באַלד נאָך שחרית האָט מאיר בוימגאַרטן זיך אָנגערופן צו יאַנקל לעמאַן און אָנגעוויזן אויף יאָסעלע כעלעמער:

— דעם יונגנמאַן קומט אַן עליה, ער איז אַ חתן, ס׳איז היינט די שבתדיקע שבע־ברכות.

— מיר מוזן נאָך אַ ביסל צווואַרטן — ענטפערט אים יאַנקל לעמאַן. דער בעל־קורא האָט זיך היינט עפּעס פאַרשפּעטיקט, מן הסתם וועט ער אַ ליאַדע מינוט אַריינקומען.

די מינוט האָט זיך אָבער פאַרצויגן, און דער בעל־קורא איז נישט געקומען. ווערט שוין דער עולם אומגעדולדיק; זיצן ייִדן: קלוגע ייִדן, ווילע ייִדן, רייכע ווירטסלייט פון הויכע גרויסשטעט־טישע הייזער, ייִדן פאַבריקאַנטן, סוחרים, פרומע ייִדן, הייסע חסידים, אָבער צו לייענען שבת אין ספר־תורה אין גערער שטיבל קומט דאָס נישט. אַז מאיר בוימגאַרטן האָט געזען וואָס דאָ קומט פאָר, גייט ער צו צו יאַנקל לעמאַן און רוימט אים איין אַ סוד אין אויער:

— דער חתן, מיין שוואָגער, יאָסעלע כעלעמער, איז אַ גוטער בעל־קורא!

— אַ חתן אַ בעל־קורא? איז ער דאָך אַ שליח מן השמים — האָט יאַנקל לעמאַן געזאָגט מיט גרויס צופרידנקייט און ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו יאָסעלע כעלעמער, דערלאַנגט אים די האַנט:

— שלום עליכם! מזל־טוב דיר, חתן! הער זיך איין, יאָסעלע כעלעמער, ס׳איז דאָ אַ גרוס פון דיר, אַז דו ביסט אַ גוטער בעל־קורא. זעט אויס, אַז דאָס איז אַ באַשערטע זאַך מן השמים, אַז אַ חתן אַ בעל־קורא זאָל אונדז היינט מהנה זיין מיט קריאת־התורה.

יאָסעלען האָט באַלד אָנגעהויבן פלאַמען דאָס פּנים. ווי קומט אַ פרעמדער יונגערמאַנטשיק, אַ קורץ־געקליידטער „גלות" פון דער מאָדערנער וועלט צו לייענען שבת אין ספר פאַר אַזאַ עולם געפער חסידים, פאַר יידן הדרת־פּנימדיקע, וואָס זענען 2־3 מאָל עלטער פון אים? חוץ דעם האָט ער שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן פון יענע יאָרן, ווען זיי האָבן אַ מאָל געוווינט אין דער כעלעמער פּאַלעכאַנקע; ער איז שוין פון לאַנג מער נישט געווען דאָס תמימותדיקע יאָסעלע. במשך פון די יאָרן האָט ער געלערנט אַ סך אַנדערע זאַכן חוץ קריאת־התורה, אַזוי, צום ביישפּיל, האָט ער איצט געקענט פון אויסנווייניק, להבדיל, מיצקעוויטשעס „אימפּראָוויזאַציע"...

— איך בין נישט קיין בעל־קורא — ענטפערט יאָסעלע פאַר־שעמט.

יאַנקל לעמאַן האָט געזען זיין פאַרלעגנהייט, איז ער גלייך צוריק אַוועק צו מאיר בוימגאַרטן, ער האָט געהויבן די אַקסלען:

— דו זאָגסט, אַז דיין שוואָגער איז אַ גוטער בעל־קורא און ער זאָגט, אַז ער איז כלל גאָרנישט קיין בעל־קורא. וועמען זאָל איך גלויבן?

— אַז געשעדיקט זאָל ער נישט ווערן! — בייזערט זיך מאיר בוימגאַרטן מיט דער כעלעמער שפּראַך, און ער גייט צו צו אים. — וואָס מאַכסטו קונצן? יאָסעלע! מען דאַרף דיך שטאַרק בעטן? זעסט דאָך, אַז ס'איז היינט נישטאָ דאָ ווער ס'זאָל לייענען.

— פון וואַנען ווייסטו דען, אַז איך בין אַ בעל־קורא? און ווי קום איך צו לייענען פאַר אַזאַ עולם?

— „ווענט האָבן אויערן און מענטשן האָבן מיילער", מען ווייסט שוין גאַנץ גוט, אַז דו ביסט אַ מומחה אין די קליינע אותיותלעך. מאַך זיך נישט אַזוי קליין, ס'וועט דיר סיי ווי נישט העלפן.

דערווייל איז יאַנקל לעמאַן צוגעקומען און אויסגעהערט דעם דיאַלאָג וואָס עס האָבן געפירט צווישן זיך די כעלעמער שוואָגערס, האָט ער אָנגענומען יאָסעלען ביי דער האַנט און אים צוגעפירט מיט כוח צום שולחן. אויפן וועג צום שולחן, בשעת דעם אָמפּערן זיך

פון יאָסעלען מיט יאַנקל לעמאַן, האָבן זיך געטראָפן די בליקן פון דעם יונגן כעלעמער יאָסעלען מיט דעם לאָדזשער באַלעבאָס זיינעם, ישעיהו אברהם טרונק. אַ רגע נעמען אַדורך יאָסעלען די אויגן פון דעם איינגעפונדעוועטן, זינט לאַנגע יאָרן — דער באַלעבאָס פון דעם גרויסן הויז, ווו ער איז איצט לאָקאַטאָר.

— יאָסעלע כעלעמער! — ווענדט זיך צו אים ישעיהו אברהם טרונק — מען זאָגט אַז „חתן דומה למלך", פון דעסטוועגן דאַרפסטו נישט זיין אַזוי פּאַרעקשנט, דאַפסט זיך נישט לאָזן אַזוי לאַנג בעטן.

יאָסעלע האָט זיך אונטערגעגעבן. ער איז צוגעגאַנגען צום שולחן און געלייענט אין ספר פאַרן גערער עולם. נאָך יעדערנס ברכה האָט זיך צעקלונגען דער „אמן" און דאָס פּינקטלעכע לייענען פון יאָסעלען. די גערער חסידים האָבן אַריינגעקוקט אין די חומשים און באַוווּנדערט זיין גוטן זכרון, דעם פּינקטלעכן טראָפּ פון דעם כעלעמער בעל־קורא.

דאָס איז געווען בלויז דער אָנהייב: פון דעמאָלט אָן, ווען דער שטענדיקער בעל־קורא איז נישט געקומען (און דאָס האָט אָפט געטראָפן), האָט מען אָנגעקלאַפּט צו יאָסעלען אין שטוב אַריין.

— יאָסעלע, קום אַריין! מען דאַרף אַ בעל־קורא.

# אין דער צייט פון אייזערנע באַנען

## (אַ כעלעמער אייזנבאַן־געשיכטע)

איידער דער צוג האָט אָנגעהויבן רירן פון דער כעלעמער באַנסטאַציע, האָט זאַיאָנטשקאָווסקי אַריינגעקוקט אין אַלע וואַגאָנעס און נישט געקאָנט געפינען פאַר זיך קיין אָרט. לסוף טרעפט ער אין איין וואַגאָן זיצן אַברהמטשע מילער. בײדע זענען זיי ווירטסלייט, שכנים שוין עטלעכע יאָר.

— גוט מאָרגן, שכן! — באַגריסט אברהמטשע מילער זיין פוילישן שכן — וועמען זוכט איר? ס'איז פאַראַן נאָך אַ סך זיץ־פלעצער, זעצט זיך אַנידער, ביטע.

זאַיאָנטשקאָווסקי זעצט זיך לעבן זיין יידישן שכן און גיסט אויס פאַר אים זיין ביטער האַרץ.

— וועמען איך זוך, פרעגט איר? איך זוך קיינעם נישט, איך בין בלויז דורכגעגאַנגען און אַריינגעקוקט אין אַלע וואַגאָנעס, באַטראַכט די מענטשן, און נישט געטראָפן אין ערגעץ קיין פוילישע פאַסאַזשירן, אַלע זענען יידן.

— יאָ, אמת — ענטפערט אברהמטשע מילער — די יידן גיבן צו לייזן אַ סך געלט, אַלע באַנבילעטן קויפן זיי אויס. אָבער האָט נישט קיין עגמת נפש — ווייצלט זיך אַברהמטשע מילער — אויף די דאָרפישע סטאַציעס וועלן אַרויפקומען פוילישע פאַסאַזשירן אויך.

— איך האָב זיי נישט ליב — ענטפערט זאַיאָנטשקאָווסקי — זיי פאַרעיפּושן די וואַגאָנעס, די באַבעס מיט זייערע שמוציקע קוישן, און די דאָרפישע פויערים מיט זייערע פעק און זעק.

די באַן האָט אָנגעהויבן פאָרן, די פאַסאַזשירן האָבן זיך איינ־

געזעצט אויף די אַקעגנאיבערדיקע בענק. בלויז איין ייִנגל שטייט ביים אָפענעם פענצטער. ער איז אין אַ גוטער שטימונג און ברומט זיך אונטער אַ ייִדיש לידל.

דער געלער ברוך האָט, נאָך פון רייוויץ, געקענט דעם פּופּצן־יעריקן בחורל ביים אָפענעם פענצטער, האָט ער אים דערמוטיקט צו זינגען הויך.

— ישׂראלטשע! — זאָגט דער געלער ברוך צום רייוויצער ייִנגל — זינג הויך, זאָל זיין פריילעך צו פאָרן.

ישׂראלטשע לאָזט זיך לאַנג נישט בעטן און ער לאָזט זיך הערן. זיין שיינע שטימע פאַרהילכט די באַנקופּע: „האָט אַ ייִד אַ ווייבעלע"... און גלייך ווי ער ענדיקט איין לידל, זינגט ער שוין נאָך איינס: „אַ ייִד צו זיין איז טייער, אַ ייִד צו זיין איז גוט"... און באַלד דערנאָך: „אַ מאָל איז געווען אַ מלך"... ישׂראלטשעס רעפּערטואַר איז אַ גרויסער, זיינע ייִדישע פאָלקסלידער זענען פּאָפּולערע, ער האָט זיי איינשטודירט פון קינדווייז אָן. דער צוג לויפט פאָרויס און ישׂראלטשעס לעבן גייט אויך פאָרויס; ער איז אין די בעסטע יאָרן. איז נישט קיין ווּנדער, אַז עס זינגט פון אים אַרויס. ער באַוועגט זיך, לעבט מיט מיט זיינע לידער. ער זינגט אויך מיט די אויגן, באַוועגט זיך מיט די הענט און פיס צום טאַקט, פּונקט אַזוי ווי די העלדן אַליין אין זיינע לידער.

איינער נעמט אַרויס אַ נאָטעסל מיט אַ בלייער, ער וויל עפּעס באַרעכענען, נאָטירן פּרייזן פון זיין מסחר, אָבער הערנדיק דאָס לאָקנדיקע זינגען פון ישׂראלטשען, קאָן ער זיך נישט קאָנצענטרירן. ער האַלט אין דער האַנט דאָס נאָטעסל מיטן בלייער און שמייכלט. אויך אַלע אַנדערע פּאַסאַזשירן, ווילנדיק, נישט ווילנדיק, הערן זיך איין צו זיינע שיינע לידער, מיט אַ שמייכל אויפן פּנים. די פאָלקס־לידער זענען זיי צום האַרצן.

אַ יונגע מוטער זיצט מיט אַ קינד אויפן שויס, זי קאָרמעט דאָס קינד מיט אַ לאַכעדיקן פּנים. דאָס קינד עסט מעכאַניש, מע־כאַניש שלינגט דאָס קינד די לעפּעלעך עסן, ס׳קוקט צו דער מוטער

און נישט צום עסן. דאָס קינד קוקט אויך די גאַנצע צייט צום בחור ביים אָפֿענעם פענצטער, וואָס זינגט אַזוי פריילעך, קלאַפּט צו מיט די פיס, ער זינגט מיט אַלע זיינע איברים.

— איר ווייסט — זאָגט די מוטער פון קינד צו איינעם לעבן איר — מיין יאַנקעלע וואָלט געדאַרפט, אַז מען זאָל אים שטענדיק אַזוי צוזינגען, וואָלט ער שטענדיק געגעסן מיט אַזאַ אַפּעטיט; קיין מאָל עסט ער נישט אַזוי גערן ווי איצט.

גערשעלע איז אַ יונגער מאַן פון גאָרשקאָוו, ער בויגט זיך צו צו זיין שכן און דערקלערט, אַז צו די לידער פאַסט זיך אויך דער־ציילן אַ כעלעמער מעשׂה.

— אַדרבא — ענטפערט דער שכן — לאָמיר הערן אַ כעלעמער מעשׂה.

גערשעלע פון גאָרשקאָוו לאָזט זיך נישט בעטן, און ער דער־ציילט אים אין אויער אַריין די כעלעמער מעשׂה. נאָכן אויסהערן די כעלעמער מעשׂה, צעלאַכט זיך דער שכן הויך אויפן קול:

— זעט נאָר, זעט, וואָס פאַראַ פאַרבאָרגענער כישוף ס'שטעקט אין מיין כעלעם. איך אַליין בין אַ כעלעמער, און ווייס נישט וואָס ס'טוט זיך אין כעלעם, אָבער גערשעלע גאָרשקאָווער ווייסט יאָ וואָס ס'געשעט אין כעלעם.

די פּאַסאַזשירן הערן דאָס גרויסע געלעכטער, ווערט זיי אויך אינטערעסאַנט, בעטן זיי דעם גאָרשקאָווער ער זאָל פאַר אַלעמען דערציילן די כעלעמער מעשׂה. אָבער ישׂראלטשע האָט נאָך אַלץ נישט פאַרענדיקט זינגען זיינע לידער. ער ווערט גאָרנישט מיד פון זינגען, זיין יונג פריילעך קולכל פאַרקלינגט נאָך אַלץ אין דער באַנקופּע.

— ישׂראלטשע — זאָגט צו אים דער געלער ברוך — זיי שטיל אַ פּאָר מינוט, לאָמיר הערן דערציילן אַ כעלעמער מעשׂה.

דערהערט: אַ כעלעמער מעשׂה, איז ישׂראלטשע שטיל געבליבן. אַוועק פון פענצטער צו הערן די געשיכטע. גערשעלע גאָרשקאָווער דערציילט זיין מעשׂה הויך, פאַר אַלע. די גאַנצע כעלעמער מעשׂה,

דערקלערט גערשעלע גאָרשקאָווער, באַשטייט פון צוויי כעלעמער קרעמער, בערל און שמערל, וואָס קאָנקורירן צווישן זיך, און פון דעם מינאַשטשעכע, וואָס גלייכט זיי ביידע אויס.

— וואָס מיינט מען דאָס אַזוינס מינאַשטשעכע — פרעגט אַ ייִד פון מאָדליבאָזשיצע, וואָס פאָרט דאָס ערשטע מאָל פון כעלעם קיין בריסק. ווערט אַ געלעכטער, אַלע פאַסאַזשירן ווונדערן זיך.

— איר האָט נישט געהערט פון די כעלעמער מינאַשטשעכעס? ווער ס'האָט נאָר געהערט פון כעלעם, דער האָט אויך געהערט פון די מינאַשטשעכעס. גערשעלע גאָרשקאָווער דערקלערט דייטלעכער:

— מינאַשטשעכעס איז אַ גרויסע משפחה, וואָס זענען טאַקע כעלעמער, אָבער זיי זענען לגמרי נישט קיין נאַראָנים.

— אָבער לאָמיר שוין הערן דערציילן די כעלעמער מעשׂה — רופט זיך אָן די פרוי מיטן קינד אויף דער האַנט — זייט שוין עטלעכע מינוט שטיל. אַלע בלייבן שטיל און גערשעלע גאָרשקאָווער נעמט דערציילן:

— אַלזאָ, בערל און שמערל, די כעלעמער קרעמער, זענען געוואָרן שטאַרק ברוגז, דערנאָך איז דער ברוגז איבערגעגאַנגען אין אַ שׂנאה, אַז די שׂנאה האָט זיך גוט צעפלאַקערט ביי שמערלען, האָט ער נישט געקאָנט רוען ביי טאָג און שלאָפן ביי נאַכט. ער האָט געזוכט עפּעס אַ מיטל ווי אַזוי „מקיים פּסק" זיין בערלען. דאָס, וואָס די ווייבער האָבן זיך אָפּט געקריגט, געוואָרן ברוגז און ברוגזדיקערהייט זיך ווידער געקריגט און געשאָלטן, איז געווען צו ווייניק. ער וואָלט בערלען געוואָלט ממש ממיתן, אָבער דערצו איז ער דאָך צו שוואַך, ער איז אַ קליין דאַר ייִדעלע, קוים וואָס די נשמה האַלט זיך אין אים. דאַקעגן יענער, בערל, איז הויך און דיק, נישט קיין בערל, נאָר אַ גאַנצער בער. דערצו גייט ער שטענדיק אַרום מיט אַ פריי לאַכנדיק פּנים, גלייך ווי ער וואָלט כּסדר זיך גערייצט און חוזק געמאַכט פון שמערלען. איז שמערלען איין מאָל איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק: אַזוי ווי ביי אונדז אין כעלעם האָבן מיר אַ גוטן ברודער, אַ ווילער חברה־מאַן, אַ מינאַשטשעכע, וועט ער

אים דינגען, באַצאָלן אַלע געלטער, וויפל ער וועט נאָר וועלן, אַז ער זאָל בערלען אָנבויקערן די ביינער, אָנלערנען פאַר אַלע צייטן. אַלץ איינס בין איך אַ דלות, האָט ער זיך געטראַכט, איז אַ כפּרה אַ דרייסיק־פערציק זלאָטעס, אַבי אָנצולערנען דעם בער, אַז ער זאָל איין מאָל פאַר אַלע מאָל מורא האָבן פאַר שמערלען. און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן: ער איז אַדורכגעקומען מיטן פּרייז, באַצאָלט מינאַשטשעכען די גראָבע אפּותיקא און זיך געקילט דאָס האַרץ.

— דער כעלעמער מינאַשטשעכע איז טאַקע אַ גיבור גדול — דערציילט ווייטער גערשעלע גאָרשקאָוועך — אָבער אַ ייִדיש האַרץ פאַרמאָגט ער דאָך. נו, וואָס מיינט איר, ער האָט אים געשלאָגן? ס'הייבט זיך נישט אָן! נעמען געלט איז טאַקע נישט קיין שלעכטע זאַך, אָבער צו שלאָגן אַ ייִד, און דערצו נאָך אַן אייגענעם כעלעמער תושב, איז אַ ווייטער מהלך! האָט אונדזער מינאַשטשעכע אָפּגעאַר־בעט דאָס געשעפט על צד היותר טוב: ס'זאָל זיין גוט פאַרביידע צדדים, סיי פאַר שמערלען, סיי פאַר בערלען, און פאַרשטייט זיך, אַז דאָס געלט האָט ער אַראָפּגעלאָזט אין דער קעשענע אַריין. און אַזוי האָט ער געטאָן: ער האָט אָפּגעוואַרט בערלען אין מיטן פון אַ טאָרג־טאָג, אַוועקגערופן אים אין אַ זייט, אַזוי ווי ער וואָלט אָפּגעמאַכט מיט שמערלען און... אים איינגערוימט אַ סוד אין אויער:

— הער זיך איין, בערל, איך בין דיר מגלה אַ סוד, נאָר מיט איין באַדינג, אַז דאָס זאָל בלייבן צווישן אונדז. דו ביסט דאָך נישט קיין כעלעמער נאַר, זאָלסטו פאַרשטיין די זאַך און מאַכן אַ שווייג. דו הערסט? מען האָט מיך באַשטעלט דיך צו ממיתן, וויל איך ביי דיר נעמען פינף זלאָטעס, בלויז פינף זלאָטעס, און איך וועל דיך אַפילו נישט אָנרירן. וועסט ווייטער זיין געזונט און פריש, און שווימען אין דיין מסחר ווי אין וואַסער אַ פיש.

בערל האָט געקוקט מינאַשטשעכען אין די אויגן אַריין, אויס־געהערט דעם גאַנצן פּזמון און געזען ווי ערנסט ס'איז די לאַגע. ער האָט זיך תיכף אָריענטירט, אַז שמערל, דער נאַרישער שכן זיינער, האָט פאַרקאָכט די מיאוסע קאַשע. האָט ער נישט לאַנג

געקלערט, אַרויסגענומען אַ פינפער־זלאָטי און אַוועקגעגעבן מינאַש־טשעכן, געזאָגט אַ גוטן טאָג און זיך אָפּגעטראָגן. ער האָט געמיינט, אַז דערמיט האָט ער זיך שוין אָפּגעקויפט און ער איז שוין אויס־געלייזט פון דער אַוואַנטורע. הייבט זיך גאָרנישט אָן. אַזוי ווי בערל האָט געשטעלט די ערשטע טריט אַוועקצוגיין, האָט מינאַשטשעכע אים צוריקגערופן:

— בערל! קום נאָר אַ מינוט, וואָס טוסטו? דו גייסט זיך אַוועק פריי, אַזוי ווי קיין מאָל גאָרנישט? איך זע, אַז דו פאַרשטייסט גאָרנישט, וואָס ס'טוט זיך מיט אונדז, דו נעמסט נישט אין אַכט אונדזער מצב.

בערל קוקט ווידער אים אין די אויגן אַריין, הערט אויס דעם נייעם פּזמון, און איבערצייגט זיך, אַז די לאַגע זיינע איז ערנסטער ווי ער האָט פריִער געמיינט, אַז מיט די פינף זלאָטעס איז די זאַך נאָך נישט פאַרענדיקט. בערל הייבט אָן ווערן פאַרצווייפלט. אָבער מינאַשטשעכע לאָזט אים לאַנג נישט טראַכטן און ער קלערט אים אויף דעם ענין, ווי אַזוי מען דאַרף פאַרענדיקן די שפּיל על צד היותר טוב.

— דו מוזסט לויפן! נעם זיך דאָס גוט אין קאָפּ אַריין, איך בין דאָך אויסן דיין טובה וועגן. דו מוזסט אַוועקלויפן פון מיר, נישט סתּם אַזוי זיך אַוועקגיין, נאָר אַוועקלויפן, און מיטביידע הענט זיך האַלטן ביים קאָפּ און דעם גאַנצן וועג, ביז אַריין צו דיר אין קראָם אַריין, מוזסטו האַלטן אין איין שרייען, הויך אויפן קול: „ער האָט מיך דערהרגעט!" און ווען דו וועסט דורכלויפן דורך שמערלס קראָם, זאָלסטו שרייען נאָך העכער: „ער האָט מיך גע־ממיתט!" איך טו דאָך דיר גאָרנישט, אָבער שרייען מוזסטו, פאַר־שטייסט?

בערל האָט געזען, אַז קיין אַנדער אויסוועג האָט ער נישט, איז ער טאַקע אַנטלאָפן, מיט ביידע הענט האָט ער זיך געהאַלטן ביים קאָפּ און געשריגן הויך אויפן קול: „ער האָט מיך דערהרגעט! ער האָט מיך דערהרגעט!" און זיין שרייען איז געווען אַפילו ערנסט,

נישט פאַר ווייטיק, נאָר פאַר בושה. ווען ער איז אַריין צו זיך אין געוועלב, האָט זיין ווייב זיך דערשראָקן, אָבער בערל האָט זי באַרויִקט: — שרעק זיך נישט, געלויבט השם יתברך, אַז מען קאָן דאָס אָפּקומען מיט קליין געלט, אָבי געזונט.

אַז גערשעלע גאָרשקאָווער האָט פאַרענדיקט דערציילן די מעשׂה, האָבן אַלע פּאַסאַזשירן געשמייכלט. דער מאָדליבאָזשיצער האָט זיך נענטער צוגערוקט צו גערשעלען און אים איבערגעפרעגט מיט אַן ערנסטער מינע: איז עס טאַקע אַזוי געשען אין כעלעם? דאַרויף האָט גערשעלע גאָרשקאָווער געענטפערט מיט אַ דאָפּלטן תּירוץ. ערשטנס, אויף אַ מעשׂה פרעגט מען נישט קיין קשיה. צווייטנס, אויב אַפילו ס׳איז בלויז אַ ביסעלע אמת, איז דאָס אויך אַ כעלע־מער מעשׂה.

ישׂראלטשע איז צוריק צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענצטער און ממשיך געווען זיין לידער־רעפּערטואַר:

עס וועט קומען אַ צייט פון אייזנבאַנען,
זיי וועלן פאַרפלייצן אַ האַלבע וועלט;
אייזערנע וועגן וועסטו אויסשפּאַנען
און וועסט אין דעם אויך פאַרדינען פיל געלט.

ביי יעדער דאָרפישער באַנסטאַציע איז דער צוג געבליבן שטיין אויף אַ מינוט. אויף דער לעצטער דאָרפישער סטאַציע האָט ישׂראלטשע פּלוצלינג אויפגעהערט זינגען; ער האָט זיך אויסגע־דרייט פון פענצטער און געזאָגט מיט גדלות:

— ס׳איז שוין סאָביבאָר, די לעצטע סטאַציע פאַר וולאָדאַווע. באַלד וועל איך זיין ביי מיין וולאָדאַווער זיידן יוסף חיים!

# וואַרשעווער אכסניות

I

הערשל האָט שוין פון לאַנג געטראַכט צו פאַרלאָזן זיין פאָטערס שטוב אין כעלעם און אַוועק קיין וואַרשע. ער איז שוין געווען אַ יינגל פון 15 יאָר. אין כעלעם האָט ער נישט געהאַט קיין אַרבעט. אָבער נאָך ערגער פון דעם אָרעמען לעבן, האָט הערשלען געפּייניקט די גרינגשעצונג פון זיין שטיפמוטער און דער שפּאָט און חוזק, וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן צו אים, דער עיקר אין דער אָפּוועזנהייט פון זיין פאָטער.

ווען ער האָט געטראַכט וועגן וואַרשע, האָט ער געטראַכט וועגן זיין וואַרשעווער מומע גאָלדעלע. נישט קיין שטיפמוטערדיקע מומע איז זיין וואַרשעווער מומע, נאָר אַן אמתע מומע. און נישט סתם אַזוי אַ מומע, נאָר אַ רייכע. ווי רייך די וואַרשעווער מומע איז, וויפל געלט זי פאַרמאָגט, האָט קיינער אין כעלעם נישט געקאָנט אויסרעכענען, אָבער וויפל קינדער זי האָט — דאָס האָט יעדער געקאָנט אויסרעכענען אויף די פינגער פוןביידע הענט; וויפל יינגלעך און וויפל מיידלעך, וועלכע האָבן שוין חתונה געהאַט און די, וואָס זענען פרייליידיקע. הערשל האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ווען ער וועט קומען צו זיין מומע גאָלדעלע, וועט ער ווערן אויס הערשל, מ׳וועט צוגעבן צו זיין נאָמען אַ „לע״ — הערשעלע! פּונקט אַזוי ווי ביי זייער חיהלע, מאַניעלע, ברכהלע, גוטשעלע, מרדכילע, סרולקעלע, און די מומע אַליין הייסט דאָך אויך גאָלדעלע, וועט ער אויך זיין איינער פון דער גרויסער רייכער וואַרשעווער משפחה — הערשעלע.

אין דער פרי, ווען די באַן איז אָנגעקומען קיין וואַרשע, איז דער 15־יעריקער הערשל אַוועק אויסזוכן דעם אַדרעס פון דער מומע גאָלדעלע, אויף דער גענשע־גאַס 27. די מומע גאָלדעלע האָט אים אויפגענומען פריינדלעך, זי האָט זיך אויסגעפרעגט אויף דער כעלעמער משפּחה, אַריינגעבעטן אים אין שטוב אַריין צום טיש.

— ביסט אַוודאי הונגעריק, באַלד וועל איך דיר געבן פרישטיק. איך וועל נאָר מיין גוטשעלען אַוועקפּראַווען אין שקאָלע אַריין.

גוטשעלע איז געווען זייער ייִנגסטע טאָכטער, אין דעם זעלבן עלטער, וואָס הערשל. איז הערשל אַזוי געזעסן און זיך צוגעקוקט מיט פאַרווונדערונג, ווי אַזוי די מומע גאָלדעלע „פּראַוועט" אַוועק איר גוטשעלען אין שקאָלע אַריין. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן ווי ער זעט, אַז אַ ייִדיש מיידל גייט אין אַ גויישער שקאָלע. ווער האָט זיך דען געקאָנט דערלויבן אין כעלעם פון יענע צייטן צו צאָלן פאַר אַ מיידל אין אַ שקאָלע? מילא, פאַר אַ ייִנגל מוז יעדער צאָלן מלמדות־געלט. ערשטנס, איז דאָך דאָס אַ חדר, ווו מען לערנט תּורה, צווייטנס, זענען דאָך דאָס ייִדישע ייִנגלעך, וואָס דאַרפן קענען דאַווענען און לערנען. אָבער שיקן אַ מיידל אין אַ גויישער שקאָלע, דאָס האָט ביי הערשלען אויסגעזען אויסטערליש. מיט חידוש האָט ער זיך אויך צוגעקוקט ווי אַזוי די מומע גאָלדעלע גיט איר מיט דאָס עסן, פּאַקט איין אין אַ גלאַנציקן „ראַניעץ" אַ פּעקעלע אין ווייס פּאַפּיר, גלייכט איר אויס דעם ווייסן קאָלנער אויף דער גראַנאַטענער בלוזע. גוטשעלע האָט געכאַפּט אַ בליק אויפן זייגער, שנעל געגעבן אַ קוש די מוטער און אַוועק אין שקאָלע אַריין.

ווי נאָר גוטשעלע איז אַרויס, איז די מומע גאָלדעלע צוגעגאַנגען צו אים:

— אַ פּאָר מינוט, הערשעלע, איך וועל נאָר אַרויפשטעלן דעם טשייניק אויפן גאַז, וועל איך דיר געבן עסן.

ווידער איז הערשל געזעסן פאַרגאַפט פון דעם „אַרויפשטעלן דעם טשייניק אויפן גאַז". דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן זעט ער

ברענגען גאַז. הערשל איז ווייטער געבליבן זיצן אין ווינקל שטוב און זיך צוגעקוקט, ווי אַזוי די מומע גאָלדעלע און איר מאַן, דער פּעטער מאיר, זענען פאַרפּאָרעט אָן אויפהער. ער איז נישט דער איינציקער און נישט קיין וויכטיקער גאַסט. דאָ, ביי דער מומע גאָלדעלע, איז אַן אַכסניה. עס קומען כסדר פּראָווינצער סוחרים און קרעמער איינקויפן סחורה אין וואַרשע. פון פאַרשידענע פּראָווינץ־שטעט קומט מען. די טיר רוט נישט. עס קומען סוחרים און סוחרטעס פון די פּראָווינצער „רינקעס", פון די „טאָרגן" און אויך פאַברי־קאַנטלעך, וואָיאַזשאָרן און שפּיליטערן. זענען זיי ביידע, סיי די מומע גאָלדעלע און סיי דער פּעטער מאיר כסדר פאַרנומען מיט די געסט. די געסט זענען שוין דאָרט היימיש, יעדער האָט זיין אָרט אין אַ ווינקל פון אַ צימער, ווו ער לייגט אַוועק זיין באַגאַזש, די סחורות וואָס מען ברענגט פון פּראָווינץ און די איינגעקויפטע אין וואַרשע. די מומע גאָלדעלע קאָכט און באַדינט די געסט. דער פּעטער מאיר פאַרשרייבט, באַרעכנט זיך און נעמט געלט פאַר עסן, טרינקען, שלאָפן ביי נאַכט און „סטאַנציע" ביי טאָג, ווי אויך פאַר „קאָמיסיאָן" פון די רעקאָמענדירטע סחורות ביי די וואַרשעווער הורטאָווניקעס.

ווען הערשל האָט געזען, אַז די גרויסע, לאַנגע קיך און אַלע דריי שטיבן פון דער מומע גאָלדעלעס דירה איז שוין פול מיט די פּראָווינצער קליִענטן, האָט ער זיך דערפילט ווי אין אַ שטייג. ער האָט שוין געזען, אַז ער איז דאָ אַן איבעריקער גאַסט. הערשל האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס די מומע און דער פּעטער זענען פאַרנומען, האָט ער זיך אויפגעהויבן און אַרויסגעשאַרט זיך פון זיין מומע גאָלדעלעס אַכסניה.

II

אויף די וואַרשעווער ייִדישע גאַסן איילן מאַסן מענטשן. אַלע יאָגן זיך צו זייערע טאָגטעגלעכע פּרנסה־ענינים. אין אָט דעם הו־האַ בלאָנדזשעט הערשל פון כעלעם. ער איז ווי אַ שטויבעלע, וואָס

קיינער באַמערקט אים נישט. ער שפּאַנט צווישן די מענטשן־שטראָמען ביז ער קומט אַרויס אויף דער דזשיקע־גאַס. פון דער דזשיקע־גאַס שפּאַנט ער אַריין אין די נאַלעווקעס. אויף אָט דער גאַס פּילט ער זיך אין גאַנצן פאַרלוירן צווישן די פּילשטראָמיקע מענטשן־מאַסן. אַזוי גייט ער ביז ס׳אַנטפּלעקן זיך פאַר אים אַנדערע געשטאַלטן: נישט די, וואָס לויפן אין די געשעפטן, נאָר פרויען מיט קינדער־וועגעלעך. ער גייט זען וווהין זיי פאָרן מיט די וועגעלעך. דאָ האָט הערשל אַנטדעקט אין דעם ייִדישן וואַרשע, לעבן די רוישיקע נאַלעווקעס — אַ גאָרטן. קראַשינסקיס גאָרטן.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק. אויף דער באַנק זענען געזעסן נאָך עטלעכע יונגעלעכע. ער הערט זיך איין צו זייערע געשפּרעכן:

— וואָס הערט זיך, קבצן, מיט דיין סטאַנציע, ביסט צופרידן?

— ס׳איז זייער אַ באַקוועמער „האָטעל" — ענטפערט „קבצן". מיר שלאָפן שוין דאָרט פיר פערזאָן. מיט דער באַלעבאָסטע איז פינף. ס׳איז אַ קאַפּצאַנסקע סטאַנציע, אָבער מיר זענען אַ חברה „גאַש בראַטניקעס".

— ווי אַזוי האָט איר זיך אַריינגעפּאַקט אין דעם איינעם צימער פינף פערזאָן? ס׳איז דאָך נישטאָ מער ווי 2 בעטלעך?

— פאַרלאָז זיך אויף שרה־טעמען, זי וואָלט אַפילו צוגענומען נאָך אַ שלאָפער, ווייל מען שטעלט אויף ביי נאַכט נאָך אַ בעטל.

— איך פאַרשטיי נישט, אַפילו אַז מען שטעלט אויף נאָך אַ בעטל ביי נאַכט, שלאָפן צו 2 מאַן אין 2 בעטלעך איז שוין 4 מאַן, און זי אַליין, די אַלטע שרה־טעמע אין אַ בעטל, איז דאָך שוין 5 פערזאָן, איז ווי קאָן שוין שלאָפן נאָך אַ זעקסטער?

— וואָס מיינסטו, אַז שרה־טעמע שלאָפט אַליין, אַזוי באַקוועם? זי האָט דאָך אַריינגענומען שלאָפן מיט איר אין בעט דאָבען, דאָבע פון פאַרטשעווע, די שפּולערקע. שרה־טעמע מיט דאָבען, איז איין בעטל, גאָדל מיט וועלוולען איז שוין צוויי בעטלעך און איך שלאָף זיך ווי אַ קייסער איינער אַליין.

הערשל הערט זיך צו צו זייער געשפּרעך. די ווערטער: קאַפּצאַנסקי־האָטעל, שׂרה־טעמע, דאָבע פון פּאַרטשעווע די שפּו־לערקע, קבצן פון קאַלושין, נאַש־בראַטניקעס — די אַלע ווערטער חזרט ער זיך איין אין זיך, ס׳זאָל אים אַריין אין זכּרון.

אין די אָפּענע גאַסן גייט הערשל ווו די פּיס טראָגן אים. מענטשן שטראָמען אַהין און צוריק און צווישן זיי שפּאַנט אויך הערשל. נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרומדרייען זיך אין די וואַרשעווער גאַסן, איז הערשל ביי נאַכט געגאַנגען שלאָפן צו זיין מומע גאָלדעלע. ווען ער האָט אָנגעקלונגען ביי דער טיר האָט אים אויפגעמאַכט סראָלקעלע — די מומע גאָלדעלעס זון:

— הערשעניו? — האָט סראָלקעלע אים באַגריסט, ביי דער טיר אין קיך. מאַמע! האָט ער אַריינגעשריגן אין שטוב אַריין — מאַמע! דיין הערשעניו איז געקומען!

די דאָזיקע חוזקדיקע באַגריסונג האָט הערשעלען באַלד דער־שלאָגן דאָס געמיט. אָבער די מומע גאָלדעלע איז אַריינגעקומען און געלינדערט די באַליידיקונג. זי האָט סראָלקעלען געגעבן אַ מוטערלעכן שטויס, אַזאַ מין אינטימע שטראָף:

— לאָבוז־יונג, זיץ פאַר זיך! הערשעלע, קום אַריין אין שטוב אַריין — די מומע גאָלדעלע האָט אים געהייסן זיצן ביי אַ טישל:

— ווו ביסטו מיר עפּעס אַנטרונען געוואָרן אויף אַ גאַנצן טאָג? פאַר וואָס ביסטו געקומען אַזוי שפּעט? מען האָט געמיינט, אַז דו ביסט שוין געגאַנגען ערגעץ אַנדערש שלאָפן, אַז האָסט זיך באַזאָרגט אַן אַנדער סטאַנציע. ביסט אַוודאי הונגעריק. איך וועל דיר געבן קאָלאַציע.

— אַ שיינעם דאַנק, מומע — ענטפערט הערשל — איך האָב שוין געגעסן קאָלאַציע.

— מאַמע! ס׳איז שוין נאָך צען אַ זייגער — רופט זיך אָן סראָלקעלע — איך דאַרף מאָרגן אויפשטיין און גיין צו דער אַרבעט.

הערשל האָט זיך אַרומגעקוקט אין שטוב. פאַרן שלאָפן גיין האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט די מומע גאָלדעלעס הויז אין אַ גאַנץ אַנדערן מצב ווי אין די מאָרגן־שעהען. אין דער פרי איז דאָס געווען

אַ פּראָווינצער אַכסניה, אָבער איצט זענען שוין כמעט אַלע געסט געוועזן צוריק אַהיימגעפאָרן. געבליבן איז דאָס אַ פּריוואַטע שטוב. די 3 שטיבן מיט דער גרויסער קיך איז שוין אַ פּריוואַטע וווינונג פאַר זייער משפחה־געזינדל. אָבער הערשל האָט זיך געפילט פרעמד. אין דער גרויסער דירה האָט ער זיך אַזוי ווי פאַרלוירן.

III

דעם צווייטן טאָג גייט ער אויף די וואַרשעווער גאַסן און זוכט באַשעפטיקונג ביי די קרעמער. אין איינעם אַ הורטגעשעפט האָט מען אים אָנגענומען אויף פּראָבע פאַר אַ משרת. ער האָט אויפ־געגעסן אַ שטיקל ברויט מיט טיי און אַהיימגעגאַנגען.

ווען ער איז אַריינגעקומען האָט סראָלקעלע אויך דאָס מאָל געקוקט אויפן זייגער:

— ס׳איז ערשט 6 אַ זייגער — האָט סראָלקעלע געזאָגט צו אים, האַלב שפּאַס, האַלב ערנסט — אָדער דו קומסט צו שפּעט, אָדער צו פרי.

הערשל האָט געוואָלט צוריק אַוועקגיין, דערווייל איז די מומע גאָלדעלע אָנגעקומען און אים צוגערופן צום טישל אין ווינקל פון ערשטן צימער.

— זעץ זיך אַנידער, הערשעלע! ביסט דאָך אַוודאי מיד, וואָס מאַכסטו, אַרבעטסט שוין, פאַרדינסט שוין עפּעס געלט?

— היינט וועלן מיר זיך נישט לייגן שלאָפן אַזוי פרי — האָט זי אים דערציילט פון אירע משפחה־פאַרהעלטענישן — די קינדער קומען זיך צוזאַמען אויף די „אוראַדזשינעס״ (געבוירן־טאָג) פון אונדזער גוטשעלען, זי איז דאָך דאָס ייִנגסטע קינד אונדזערס.

אין דער מינוט האָט זיך געהערט אַריינקומען מענטשן אין קיך אַריין.

— מאַמע, מאַניעלע איז געקומען מיט די קינדער — די מומע גאָלדעלע איז אַוועקגעגאַנגען פון הערשלען און צוגעגאַנגען צו איר

משפּחה־געזעמל, צו די טעכטער, איידעמס, אייניקלעך. הערשל איז געבליבן זיצן אין ווינקל פון קליינעם צימער.

אין צווייטן צימער איז געווען ליכטיק און פריילעך. אַרום דעם גרויסן טיש זענען געזעסן אַלע פון דער משפּחה און אויבן אָן — גוטשעלע. די מומע גאָלדעלע איז געווען אויפגערוימט און שטאַרק פאַרנומען. זי איז כּסדר געגאַנגען מיט דער טאַץ הין און צוריק, פון קיך אין גרויסן צימער און צוריק. די פריילעכע געשפּרעכן און ווונטשן האָבן פאַרקלונגען די שטוב, זיך אויסגעמישט מיט די לידער פונעם משפּחה־כאָר:

וואָס וועט זיין אַז משיח וועט קומען?
אַז משיח וועט קומען
וועלן מיר מאַכן אַ סעודהניו!

יעדעס מאָל וואָס די מומע גאָלדעלע איז פאַרביי הערשלען מיט דער טאַץ כּיבוד האָט זי געזאָגט צו אים:

— וואָס זיצסטו אַליין, הערשעלע? גיי צו צום טיש אין גרויסן צימער.

הערשל איז אַריין אין גרויסן צימער און געבליבן שטיין ביי דער טיר. דער טיש איז געווען פול באַזעצט. שטייט ער זיך אַזוי ביי דער טיר, ביז ער ווערט מיד און גייט צוריק אַריין אין זיין ווינקל אין קליינעם צימער.

דער עולם אין גרויסן צימער איז שוין געווען זייער פריילעך. מער פון אַלע האָט זיך געלאָזט הערן סראָלקעלע. זינגנדיק און טאַנצנדיק, האָט ער אַזוי אַריינגעטאַנצט אינעם ערשטן צימער, וווּ הערשל איז געזעסן. ער איז שוין געווען האַלב שיכּורלעך, איז ער צוגעגאַנגען צו הערשלען:

— פאַר וואָס זיצסטו עפּעס אַליין, הערשעניוניו? פאַר וואָס טרינקסטו נישט מיט מיר און העלפסט מיר נישט זינגען? קענסט נישט זינגען? דיין טאַטע איז דאָך עפּעס אַ שיינער בעל־תּפילה.

ער גייט אַריין אין גרויסן צימער און קומט צוריק מיט צוויי גלעזלעך משקה:

— לאָמיר טרינקען לחיים, הערשעניוניו! זאָג מיר, ווען פאַלט אויס דיין געבוירן־טאָג? אפשר אויך היינט? דאַרף מען דאָך טרינקען דאָפּלט!

הערשל האָט אים געקוקט אין פּנים אַריין. זיינע ווערטער האָבן אים געשטאָכן. ער איז אין זעלבן עלטער וואָס גוטשעלע, אָבער ער האָט קיין מאָל נישט געוווּסט גענוי ווען ס'איז געווען זיין געבוירן־טאָג, און אַז אין דעם טאָג פון זיין געבוירן דאַרף מען זיין פריילעך. ער ווייסט בלויז ווען ער איז געוואָרן אַ בר־מצווה. ווי אַ יתום אָן אַ מאַמען האָט אים דער פאָטער צו 12 יאָר געקויפט אַ פּאָר תפילין און אויסגעלערנט אים לייגן די תפילין יעדן אינדערפרי צום דאַווענען.

## IV

נאָך די ערשטע צוויי נעכט שלאָפן ביי זיין מומען גאָלדעלען, האָט ער דעם דריטן טאָג זיך נאָכגעפרעגט אויף דעם אַדרעס פון שרה־טעמעס סטאַנציע. ער איז צוגעקומען צום הויז אויף פּאַוויע־גאַס נומער 24, ער קוקט זיך אַרום אין פראָנט, אין טויער און אין הויף, אָבער ער דערקענט נישט, אַז ערגעץ ווו זאָל אין דעם הויף זיין אַן אַכסניה. דאָס פירשטאָקיקע הויז איז אין הויף פירקאַנטיק און אומעטום איז עס באַווינט פון מענטשן. ווען ער פרעגט אויף שרה־טעמעס אַכסניה, הייבט מען מיט די פּלייצעס, קיינער קען נישט אַזאַ מקום. בלייבט ער שטיין אין טויער פון הויז אַ צייט. גיין אַ „היים" צו דער מומע גאָלדעלע, וויל ער בשום אופן נישט. שטייט ער און ער קוקט אַרויס דורך די קראַטן פונעם אייזערנעם טויער אויף דער גאַס אַרויס. אויף דער זייט גאַס איז אַ גרויסע באַוועגונג, ס'איז אַ געדיכט־באַווינטע גאַס, אויף יענער זייט גאַס איז די באַוועגונג קליין. דאָרט איז דער „פּאַוויאַק". אַ לאַנגער פינצטערער מויער נעמט אַרום די טורמע, וואָס געפינט זיך אין סאַמע מיט פון

דער ייִדישער געגנט אין וואַרשע. אַזוי ווי ער שטייט, קומט אָן פון גאַס אַן עלטערע פרוי מיט אַ גרויס, אָפּן קײַשל אין האַנט.

— איר ווייסט אפשר ווו ס׳איז די סטאַנציע פון שׂרה־טעמען?

— פרעגט ער איר.

די פרוי בלייבט שטיין און באַטראַכט אים פון אויבן ביז אַראָפּ:

— וואָס, איר ווילט זיך אָנדינגען צו שלאָפֿן ביי מיר? איך בין שׂרה־טעמע פון באָברויסק. איך נעם נישט אַריין קיין ייִנגלעך פון דער גאַס. ווער ביסטו?

— איך בין נישט קיין גאַסן־ייִנגל, איך בין געקומען פון כעלעם אַרבעטן אין וואַרשע, איך זוך בלויז אַ סטאַנציע צו שלאָפֿן.

— ביי מיר מוז מען קודם כל איינצאָלן אַ זלאָטי — ענטפערט שׂרה־טעמע.

אין צווייטן אַריינגאַנג, וואָס איז אָפּגעטיילט פונעם פּראָנט־אַריינגאַנג מיט אַ דראָטענער שאַטקע־וואַנט, איז שׂרה־טעמע אַרויפּ־געגאַנגען. זי איז שוין געווען צוגעווינט צו גיין אויף די שטיגן, וואָס זענען אין איין זייט זייער ברייט, אין דער צווייטער זייט גאַנץ שמאָל. די געדרייטע שטיגן הייבן זיך רונדיק אַרויף ביז צום פערטן שטאָק. הערשל איז איר נאָכגעגאַנגען, זיי זענען אַריין אין אַ פינצ־טערן קאָרידאָר. שׂרה־טעמע האָט געעפנט די לעצטע טיר. דאָס איז איר שטוב — שׂרה־טעמעס אַכסניה.

נאָך דעם ווי הערשל האָט איר געגעבן די זילבערנע זלאָטי, האָט זי אים אָנגעוויזן מיט וועמען ער וועט דאָ שלאָפֿן, דערביי האָט זי אים געגעבן אַ קליינע לעקציע:

— ביי שׂרה־טעמען פון באָברויסק טאָר מען נישט מאַכן קיין האַלאַסן, ס׳מוז זיין שטיל.

הערשל האָט זיך אַרומגעקוקט אין צימער. אין דעם איינציקן צימער איז פאַראַן אַ קיכל אין ווינקל שטוב, אַ טישל ביים פענצטער און 3 בעטלעך צום שלאָפֿן ביי נאַכט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט צו די „נאַש־בראַטניקעס" און אויך זיי האָבן אים באַטראַכט מיט שמייכלענדיקע בליקן. אין בעטל איז אים געווען ענג צו שלאָפֿן, אָבער פריי אויפן האַרץ. ער איז שוין איינער פון די גלייכבאַרעכ־

טיקטע, ווי אַן אייגענער ברודער אין דער משפּחה פון די פרעמדע־אייגענע.

ווען ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן איז שׂרה־טעמע די ערשטע אויפגעשטאַנען, זיך אָנגעטאָן, גענומען דאָס ברייטע קיישל אירס און אַוועק צו איר מסחר. גלייכצייטיק איז אויך דאָבע אויפגעשטאַנען, זיך אָנגעטאָן אין דער העלפּט, אַרומגעוויקלט זיך מיטן ליילעך, אויסגעדרייט זיך צו דער וואַנט און ווייטער געשלאָפן.

— וואָס איז דער אַלטער שׂרה־טעמעס מסחר, מיט וואָס האַנדלט זי? — פרעגט הערשל איינעם, וואָס איז שוין געלעגן וואַך.

— זי האַנדלט מיט ברויט. זי נעמט ברויט ביי בעקערס און צעטראָגט עס אין די רייכע שטיבן, פון איר סטאַנציע האָט זי נאָך נישט קיין פּרנסה.

V

לאַנגע חדשים האָט הערשל געאַרבעט פאַר אַ נידעריקן לוין. זיין קליינער געהאַלט האָט אים געסטאַיעט אויף אַ האַלבן קילאָ ברויט און אַ טעלער זופּ אַ טאָג. חוץ די זלאָטי פאַר שׂרה־טעמעס סטאַנציע האָט ער זיך גאָרנישט געקאָנט פאַרגינען. ער האָט אָנגעהויבן בעטן זיין באַלעבאָס אַ הוספה. יענער האָט אים צוגעזאָגט צו דערלייגן, אָבער יעדע וואָך האָט ער דאָס אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. לסוף האָט הערשל זיך אויסגעזוכט אַרבעט אויף אַן אַנדער אָרט, מיט אַ גרעסערן געהאַלט.

געווען איז דאָס שוין די וואָך פון פּורים, בלויז פיר וואָכן צו פּסח. אַז הערשל האָט פרייטיק אָפּגענומען דעם נייעם לוין, איז ער געגאַנגען אויף דער נייער וואָלאָווע־גאַס, דאָרט ווו מען האַנדלט מיט אַלטע מלבושים און זיך צוגעפּאַסט אַ גאַנצן אָנצוג. דעם צווייטן פרייטיק האָט ער געקויפט אויף דער נייער וואָלאָווע אַן אַלט רעקל, אָבער אַ שיינס, אַ וואָך שפּעטער — אַ פּאָר שיך. לסוף האָט ער איינגעהאַנדלט אַ קאַפּעלושל מיט אַ טיפן קנייטש פון פאָרנט.

אויף פּסח איז הערשל אַהיימגעפאָרן צו זיין פאָטער קיין כעלעם.

נישט בלויז דער טאַטע האָט זיך געפרייט ווען ער האָט געזען זיין הערשלען אין די „נייע" מלבושים פון קאָפּ ביז די פיס, יעדער איינער, וואָס האָט אים געזען אין די „בגדי מלכות" מיט דעם נייעם קאַפּעלוש „נאַ באַקער", איז געווען זיכער אַז ער האָט אין וואַרשע פאַרדינט שטיקער גאָלד.

— זעט נאָר ווי אויסגעסטראָיעט ער איז געקומען צו פאָרן, דער „וואַרשעווער יאָלד אין קאַפּעלוש" — האָבן די כעלעמער גע־רעדט צווישן זיך.

אין כעלעם האָט מען זיך איבערצייגט, אַז דאָס ייִדישע וואַרשע נעמט אויף מיט ברייטע אָרעמס יעדערן ווער ס'קומט נאָר. מען שפּייזט בכבודיק, מען באַקליידט און באַשיינט מיט דער פולער האַנט און מיטן גאַנצן האַרץ. און הערשל אַליין איז אַרומגעגאַנגען אין כעלעם מיט אַ פריי, לאַכנדיק פּנים, ווי ער וואָלט געזאָגט:

— איך בין שוין אַ וואַרשעווער!

שבת, חול־המועד־פּסח, זענען געסט זיך צוזאַמענגעקומען צו הערשלס פאָטער, כדי צו זען זיך און רעדן מיטן וואַרשעווער גאַסט. הערשל האָט דערציילט פון וואַרשע און פון די פאַרשידענע ייִדישע ישובים.

רופט זיך אָן דער אַלטער יעקב־יוסף:

— ס'זאָל נאָר קיין עין־הרע אונדז נישט טרעפן, די שונאים זאָלן נישט קאָנען אונדז טאָן קיין שלעכטס און מיר זאָלן ממשיך זיין אַ בכבודיק לעבן לדור דורות.

# אינהאַלט

פונעם זעלביקן מחבר

„צום אייביקן זכרון"

אין לאָדזשער געטאָ און קאָנצלאַגערס

(פונעם ערשטן מלחמה־טאָג ביז דער באַפרייונג)

תל־אביב, 1975